„ל י י ם" איז א פארטזעצונג פון „ה ר ו ד ע ס", דערשינען אין 1930 און ארויסגעגעבן פון לאס אנגעלעסער צווייג „יידישע קולטור געזעלשאפט", מיט דער מיטהילף פון נאענטע פריינט און חברים מיינע.

די מערסטע כאראקטערע אין בוך „ליים" האב איך אריבערגעטראגן פון „הרודעס".

שווער און הארט האט זיך, אין די אכציקער יארן, אראפגעלאזן די האנט פון אלטן טיראנישן צארנטום איבער דער אידישער באפעלקערונג, איבערהויפט איבער די קעפ פון די אוקראינישע דארפס-אידן. אויסגעווארצלטע, ארויסגעריסענע פון זייער ערד, האבן די הארעפאשנע, קערנדיק-געזונטע דארפס-אידן, אונטער דער בייטש פון רדיפות, די אויגן געווענדט צו אלע ווינקלען פון דער וועלט, איבערהויפט, — אמעריקע.

אין „ליים" געפינען זיך די פארשוינען מיינע, וואס איך האב געפרובט שילדערן אין „הרודעס", אויפן וועג קיין אמעריקע און אין דעם צווייטן העלפט בוך, — שוין אין דעם פארשפראכענעם גאלדענעם לאנד, וואו זיי פרובן זיך צוצופאסן צו די נייע, פריקרע באדינגונגען פון דער פרעמדער וועלט. זיי ווערן — „ליים" אין דער האנט פון דעם נייעם לעבנס-שטייגער.

ניט אלע מיינע פארשוינען פון „הרודעס" זענען אבער מסוגל זיך צוצופאסן צו די נייע אומשטענדן; פועלן בא זיך איבערצערייסן מיט אלע אלטע טראדיציעס, מנהגים און געוואוינהייטן.

נאכדעם, ווי בער מיט זיינע קינדער; אלקנה מיט זיין משפחה, און נחמן, דער „אמעריקאנעץ", וואס איז געפארן אהיים נעמען א „היימיש" מיידל פאר א ווייב, — פארן אפ קיין אמעריקע — בלייבן אין דארף: — דער טויבער בן ציון מיט זיין משפחה. אים איז זיך שווער אפצורייסן פון זיין דארף. עס בלייבט אויך אין דארף דער פעטער שעפסל, די מומע דבורה — צוויי אקטיווע טיפן פון בוך „הרודעס". אויך דער אלטער יאס, דער דארף-פאטריארך, מיט זיין ווייב סימע (די עלטערן פון בער, אלקנה און בן ציון). נאכן אפפארן פון זיינע קינדער קלייבט ער זיך ארויס אין דערבייאיקן שטעטל, וואו ער שטארבט קורץ נאכדעם ווי ער ווערט איר תושב. זיין אלטיטשקע דרינגט אפילו, אז „די שטאט האט פאר דער צייט געטריבן אים אין דרערד אריין, מקצר אים געווען די יאר". אינדרהיים בלייבט אויך דער רויטער שימציע, דער „פלעק" פון דער משפחה... אויך וועלוול טאטקעס, דער גבירעשער מילנער, וואס האט דער ערשטער אויפגעשטעלט א „פארעוואי" מיל אין דערבייאיקן שטעטל און געהאלפן אונטערגראבן דעם מצב פון די פראסטע, הארעפאשנע דארפס-אידן-מילנער — בלייבט אינדרהיים. ליפע משהלע רעזיטעס, דער דארף-מלמד, רייסט זיך ארויס פון זיין ענגן ווינקל און ווערט ערגעץ פארפאלן אין אויסנלאנד, וואו ער שטודירט און גייט ארויס לתרבות רעה... עלקע, בער'ס צווייטע ווייב, א זעלטן שיין יונג ווייבל, פון „געמיינעם גראד", בלייבט אין איר שטעטל בא איר טאטן, א ליווערא:ט, א איד מיט „לעפקע" פינגער... וואס פאלט אריין אפט אין די הענט פון נאטשאלסטווא און „זיצט אפ"... עלקעווארט אז בער זאל איר אריבערנעמען צו זיך. דער טאטע אירער פארשווארצט איר דאס פנים און זי איילט זיך דעריבער צו פארן צו בערן כאטש זי איז אין אים ניט אזוי שטארק פארקאכט... חוץ די אלע פארשוינען בלייבט, בא א ברעג פון אוקראינישן דארף — א קליין קברל, אין וועלכן עס דרימעלט שיינעם ניט כשר קינד, די פרוכט פון א זינדיקער, קליין-שטעטלשער ליבע... דאס דארף ווייסט פון סוד און מאכט זיך ניט וויסנדיק. נחמן, דער מאן אירער, דערוויסט זיך שוין צו שפעט... ער האפט אבער, מחמת זיין ליבע צו איר, — וועט ער אין אמעריקע — פארגעסן..

פאר די וואס האבן ניט געהאט די געלעגנהייט צו לייענען „הרודעס", וויל איך האפן, — וועלן די עטלעכע מאגערע פאראגראפן קומען צו הילף, זיי מאכן אביסל קלארער דעם אינהאלט פון „ליים". אוודאי וואלט איך געוואונטשן, אז מיינע לייענער זאלן זיך באדינען מיט מיין ערשט בוך „הרודעס". אפשר וועלן דאס אייניקע טאן.

איך וויל אויך האָפן, אַז מיר וועט זיך איינגעבן דורכצופירן מיין פּלאַן, ווי איך האָב מיר אים לכתחלה אָנגעצייכנט :—„הרודעס", „ליים" און — „ערד". אין לעצטן בוך וויל איך פּרובן אויפנעמען דאָס לעבן וואָס באַזירט זיך טאַקע אויף א י י ג ע נ ע ר ערד, אויף די יסודות פון אייגענער, ערלעכער פּראַצע— אייגן ברויט און פרייהייט!

צום סוף וויל איך באַדאַנקען : ראשית — דעם לאָס אַנגעלעסער צווייג „יידישע קולטור געזעלשאַפט". והשנית — מיינע נאָענטע פריינט און חברים, וואָס האָבן צוגעהאָלפן דערמעגלעכן די דערשיינונג פון „ליים".

א הארציקן דאַנק!

# געזאלצענע וואַסערן

די שיף, האָט זיי פארזיכערט דער אגענט,
איז פלינקער פון אַ פויגל אין דער לופט.
וואָס רעדט ער פלינקער פון אַ פויגל אין דער לופט ! ? —
די שיף איז, זאָגט מען אייך, — אַ כשוף־פינגערל, אַ — נס !
איר זעצט זיך אויף אין האַמבורג און זי ברייגנט אייך
קיין אַמעריקע אין ניין געמאָסטענע מעת לעת.

פונדעסטוועגן האָט זיך יוכבד שטארק צעוויינט,
בשעת די שיף האָט זיך געטאָן אַ רוק אַוועק פון ברודנעם ברעג,
און דער אָרקעסטער האָט געגעבן זשאַלאָבנע אַ שפּיל,
און באלד דערנאָך האָט איבער איר דער קוימען אין דער לופט אריין
דערלאַנגט אַ טעמפּן, לאַנגן, הייזעריקן זעג . . .
דער הימעל האָט געגעבן זיך אַ הוידע און דער כמורנער ים
האָט מוטנע זיך אַ מיש געטאָן ארום דער ברודיק־גרויער שיף.
אלקנה, אָן פאַרענטש אָן אָנגעשפּארטער, הערט
די לייזמיק־ברוינע כוואַלעס שרייען אויס דער טיף,
ער זעט די טונקלע קודלעס רויך צעפּאַטלט אינעם ווינט ;
דעם גרינלעך־ווייסן אויפגעשוימטן וואַסער־שלעפּ,
וואָס שליאָנדערט נאָכן שיף אריבער די צעוויגטע טונקל־גרינע וואַסער־טרעפּ.
און בער, מיטביידע בנים, אַלע דריי די קעפּ פאַרריסן אינדערהויך,
באַטראַכטן די צעפלעקטע כמארעס שווימענדיק אין בלויען רוים,
די פליענדיקע מעוועס איבער זייערע צעדולטע קעפּ.

אַנטקעגן שפּרייט זיך ברייט דער בלײַ־קאָלירנדיקער ים : —
ווי וועט דער קאַפּיטאַן געפינען אין די ווילדע וואַסערן אַ וועג ?
וו'הין שווימט די שיף ? — בלויז וואַסער, וואַסער און, — נישטאָ קיין ברעג !

דער קליינער הירשל, מלכה, — אין אַ ווינקל זיצן שטילערהייד.
די אייגלעך בלאָנדזשען אין דער ווייט, די הערצלעך צאַפּלען זיך
פון אומבאַשטימטן פּחד ; וואונדער אויסגעמישט מיט בלינדער פרייד . . .

באַ הירשלן שווימט ארויף אויף דער מחשבה אַ פאַנטאַסטיש מעשהלע,
וואָס ער האָט פון אַן עלטער אינגל דאָ אַנומעלטן געהערט.
דאָס אינגל האָט דאָס אין אַ ספרל געלייענט . . . פון קאָפּ ניט אויסגעקלערט . . .

אינמיטן ים, דערציילט דאָס ספרל, איז דאָ אַ הייל — סכנה טיף !
און קומט אין יענע וואַסערן, וואָס דעקן צו די הייל, אַ שיף —

איז זי פארפאלן און די מענטשן אירע — קומען אום !
פון אָפּגרונט, פון דער וויסטער, גרויער פינצטערניש ארויס,
דערהערט זיך פּלוצלים אַ פארכשופט־זיס געזאַנג.
דאָס זינגען צויבער־פיש אַזעלכע אין דער הייל.
און ווער ס'דערהערט — דעם גייט דאָס חיות אויס.
איז אָבער דאָ אַ תרופה צודערצו : —
איעדער שיף פירט מיט אַ כאַפּטע מוזיקאנטן און, —
ווי נאר די שיף דערנענטערט זיך צו יענע וואסערן —
פארטאָפּלט זי איר גאנג.
די פויקן הויבן אָן צו קלאַפּן,
און די טרובעס — רעוועז, ברומען,
און די בעסער — רופן, זשומען,
און די טאַצן — בראַזגען ביז צום פּלאַצן,
און די פידלען און קלאַרנעטן —
וויינען, פּיעשטשן זיך און בעטן.
און די פּלייטן — פּישטשען.
די טרומפּייטן — שאַלן
און די פייפלעך — סוויסשטשען,
און פון שיף, דער קוימען — שרייען,
און דער וואסער־גלאָק צעקלינגט זיך
מיט אַ מוראדיק געקלאנג —
ביז די שיף, בשלום, שווימט די כשוף־הייל אריבער
און מע הערט ניט דאָס געזאַנג.

* * *

די שיף, זי אַקערט מיטן נאָז דעם טיפן ים,
און הינטער איר דערוויטערט זיך אין בלוילעכן טומאַן דער ברעג.
די לעצטע מעוועס, וועלכע זענען נאָכגעפלויגן, איינגעקשנטע,
באַלייטנדיק די שיף, וואָס טראָגט זיך אויף איר וויטן וועג —
זיך קערן אום אין איילעניש אַהיים, צוריק צו לאַנד און ברעג.

דער מאַסטבוים הויבט זיך אָן פאַנאַנדערקלעקן אין געזאַלצענעם טומאַן,
צעפּלייצט זיך אין דער טונקלעניש. עס בלייבט נאָר שווימען אינדערהויך —
אַ זכר בלויז נאָך אים — אַ ציטערדיקער, גרינלעך־געלער פלאַם,
וואָס גלימערט מאַט און קאַלט ארונטער צו דעם כמורנעם ים.

* * *

באַנאַכט האָט די שיף זיך געוואָרפן אַזוי ווי אַ קראַנקער אין היץ.
די כוואַלעס געפּאַטשט האָבן איבער די שטאָלענע ריפּן פון שיף.
דער בלינדער טומאַן האָט דעם פינצטערן ים, אין דער נאַכט,
מיטן הימל צעזאַמענגעמישט. דער ווינט, מיט געזאַלצענע ריטער

געסווישטשעט האָט איבערן רוקן פון שיף מיט צעיושעטע שמיץ.
דער מאסטבוים, — אַ פליִיט פאר די ליפּן פון שטורם,
געוויינט האָט אין חשך אריבערן דעק,
ביזוואנען אין תהו־ובהו האָט פּלוצלים
פון ערגעץ אַ האַנט זיך געגעבן אַ שטרעק,
אַ פּליק געטאָן איבער די כמאַרעס און איבערגעריסן די נאַכט מיט אַ בליץ.

אין צווישנדעק האָט אַ מעוברתע פרוי זיך היסטעריש צעוויינט אויפאמאָל,
אַן עלטערער איד, אין צעריסענע זאָקן, די פּיס פון געלעגער ארונטערגעלאָזן,
זאָגט תהלים מיט עפּעס אַ קינדעריש־צופּיעשטשעטן קול:
אַ סלוך איז דערגאַנגען: געפּלאַצט האָט דער קעסל.
עס שמעקט מיט סכנת נפשות... מיט אומקום... מיט טויט!

אין עלטערע אידענע, עפּעס אַ ליטוואַטשקע, יאַכמערט:
— גענומען די לעצטע פּאָר רובל און ממש געקויפט זיך אַ טויט
געזשאַלעוועט די אייגענע ווערים מיין לייב זאָלן טאָטשען
באַ זיך אין דער אייגענער אָרעמער ליטווישער ערד — — —
פארשפּילט עולם הבא און קומען צו קבר ישראל אפילו צומאָל ניט באַשערט.

# גרינגע פיס

די ערשטע צוויי מעת לעת, געלעגן איז דער עולם צווישן דעק אַ קראַנק־פּאַרטייעטער,
געקרעכצט, געקלאָגט, געטענהט און געבראָכן מיט דער גרינער גאַל.
אין דער קאַיוטע, אונטן איז געשטאַנען אַ געדיכטער, שווייסיקער גערוך,
ווי דער פאַרדומפּענער גערוך אין אַ פאַרמאַכטן, איינגן שטאַל.

ערשט אויפן דריטן טאָג האָט זיך דער עולם בויסלעכווייז,
פּאַמעליך אָנגעהויבן אויסצעטשוכען פונעם שווערן, עפּושדיקן טשאַד.
און איינציקווייז געגומען האָבן זיך ארויסקאַראַבקען
אויסגעמוטשעטע געשטאַלטן אויפן ברודיק־נאַסן דעק —
פון אַלע ווינקלען וואָס אויף דרערד — אַ ווילדער מאַסקעראַד.
רב לייבישל, דאָס פרומע, רויטע שוחטל פון אָשוועָנציִן, — איז אַש להבה, פייער־פלאַם!
— עץ זאָט ניט פּרים. עץ וועט, חלילה, נאָך דערגרגזנען דעם אייבערשטן!
עץ שפּילט ענק מיטן ים! עץ שפּילט ענק מיטן ים!
יעוּוסייקן, דעם צירולניק פון אָדעס, דערגייט ער גאָר די יאָר:
— אָט, — גאַייט ער אָן אַ ספּאָדיק, גולט די בורד, עסט אים גוואַשן און, —
וועד ווייס צי פרעסט ער ניט קאַן טרפות, שונאי ציון, — סם!
יעוּוסייקע, דער צירולניק פון אדעס, אַ בחור מיט אַ שוואַרצן קוטשעראַוון קאָפּ,
אין אַ נאַקידקע, קעסטלדיקע הויזן, מיט אַ שאַל אויף ביידע אַקסלען קוקט אים אָן.
— איר קענט כאָטש ערב זיין, רב לייבישל, אז איך בין אַ געמלטער, צי ניט?
די ווייבער ווערן רויט, פאַרשטעלן זיך די מיילער מיט די הענט:
— אַ פּיסק אַבישל!... ווי דאָס רעדט, אַז ווערן זאָל ער נאָר פאַרברענט!

די זון, אַ ליכטיקע אין פרילינג־הימל, שמייכלט מילד אַראָפּ צום גרינעם ים.
די שיף האָט שוין דערשמעקט די רואיקייט, געכאַפּט דאָס גלייכגעוויכט.
זי וויגט און הוידעט זיך אפילו היפש פון צייט צו צייט.
ס'איז אָבער אָן סכנה... גלאָט אַזוי... פאַר וואוילטאָג. סתם —

מאַטראָזן, באָרוועסע, ווי זאַטע צאַפּעס שפּרינגען אויפן פייכטן דעק.
מע דראַפּעט זיך אויף שטייפע לייטער־שטריק, מע קריכט,
מע קלעטערט אויף די מאַסטן, — מאַלפּיש, קעציש־פלינק:
דאָס האַרץ איז פלאַטערדיק. די פּיס — שפּרונזינעדיק און גרינג.
דער הימעל — הויך. דאָס וואַסער — ברייט.
די זעגלען און דער רויך — אין לינדן ווינט צעשפּרייט.
די גרינע כוואַלעס — גרינער נאָך אין מילדן שיין...
און, — וואו ז'דער שטרייִנגער קאַפּיטאַן, וואָס וואַכט און היט? —
נישטאָ. פאַרפאַלן. ווי אין ים אריין!

צוועלף

אין אָוונט האָט אַ רויטער, ווינט־צעשויבערטער מאַטראָז,
מיט אַ צעכראַסטשעטער, פון זון פאַרברענטער האָר־באַפּעלצטער ברוסט,
פון ערגעץ אַ פאַרזשאַווערטע שאַרמאַנקע אויפן דעק ארויסגעבראַכט.
די בלעכענע שאַרמאַנקע האָט צעגאָרגלט זיך, צעקלונגען זיך אין לויטערן פאַרנאַכט,
און תּקף האָבן זיך געיאַוועט שיקסעס, דייטשקעס מיט געשטײַפטע בוזעמער ;
מיט קרעלן אויף די העלזער און מיט לאַנגע, דיקע, זאַמד־קאָלירנדיקע צעפּ,
און מענער, — טשעכן, דייטשן, מיט ארויפגעקעמטע האָר —
שטשיטינעס שטייפע אויף מאַסיווע, קיילעכדיגע קעפּ.
מאַטראָזן, מיט פאַרלייגטע הענט, פּאָדבאָקום, חוצפּהדיק
ארויסגעשטעלט דאָס אָפענע, מיט האָר באַפּעלצטע האַרץ
מיט פלינקע, גרינגע פיס זיך גליטשן אומבאַמערקט אריין אין ווירבל־טאַנץ.

דאָס בינטל גרינווארג קוקט זיך איין, ווי גויים טאַנצן דאָס אזוי !
באַ בערן הויבן ממש זיך די פיס :  אין צווישנדעק אַ יאָרצייטל געהאַט . . .
געמאַכט אַ היפּשלעכן לחיים.  נאָר — גיי צעטאַנץ זיך סתּם
פון העלער הויט.  וואָס איז ער דאָס ?  אַ — גוי ? !

וואָס טוט איצט עלקע, דאָרט, אינדערהיים ? — פאַלט איין אים אַ געדאַנק.
אוודאי שלאָפט זי שוין.  איר חלומט זיך . . .
ווער ווייסט . . .  ווער ווייסט . . .
דער אָוונט אָטעמט פייכטלעך־קיל.  אַ צוגעזאַלצן ווינטל ציט פון טונקעלן ים.
און אים איז עפּעס נודנע אויפן האַרצן.  ס'פעלט אים לופט . . .  ס'איז היים.
ער שלעפּט פון בוזעם־קעשענע ארויס אַ רויט־געפּינטעלטע פאַטשיילע, זיפצט
און ווישט פון שטערן, ביז דער באָרד אראָפּ, דעם קאַלאַמוטנעם שווייס.

אוורעמקע און מנשה, ליגן נאָזנדיק, די פּנימער ארויף
און פלאָנטערן זיך מיט זשעדנע אויגן אין די פּאָכנדיקע ספּאָדניצעס ;
ארום דעם שווינדלשן געפלעכט פון פלינקע, גרינגע פרויען־פיס.
— דו ווייסט, מנשה — מאַכט אַוורעמקע מיט אַ זיפצעלע — סע גאר ניט מיאוס . . .
יעווסייקע, זיצנדיק דערביי, צעלאַכט זיך מיט אַ דריבנינקן געלעכטערל :
— מע טאָר ניט קוקן ווי כהנים דוכנען . . .  מע קען נאָך, חס־ושלום, ווערן בלינד . . .
ער גיט דערביי אַ שעלמעש שמייכעלע און רוקט זיך נענטער צו צו זיי,
נעמט שושקענדיק דערציילן, אויפן אויער, אַ פאַרשלייערט מעשהלע.
די אינגלעך קוקן זיך ארום, צעשמייכלען זיך און ווערן צונטער רויט
מנשהן קריכט יעווסייקעס שעלמעש וואונקעלע אריין אונטער דער הויט.
עס ווערט אים עפּעס מאָדנע וואַרעם הינטערן לייבצערדעקל . . .  פריקרע . . .  זיס . . .
עס מישט זיך אים אין קאָפּ און פאַר די אויגן עפּעס — אַ טומאַן
פון היפטן, האָצקענדיקע בוזעמס, רויטע קרעלן, ספּאָדניצעס און קליינע פיס . . .

* * *

עס וואָלט שוין אַלץ געוועזן רעכט, ווען ניט די אַלטע ליטוואַטשקע.
באַנאַכט איז זי פאַרשלאָפט געוואָרן, פּלוצים, און אַריינגעפאַלן אין אַ היץ.
בעת פרישטיק האָט דער עולם זיך דערוואוסט : די אידענע האַלט, נעבעך, שמאַל...
דאָס לשון האָט איר אָפּגענומען. צאַנקט, גייט אויס, אָט ממש ווי אַ ליכט.
פאַרנאַכט איז זי געשטאָרבן. איינגעשלאָפן ווי אַ הינדעלע. קיין פּיפּס... קיין קול.
רב לייבישל האָט מיט אַ ציקנדיקן קעלכעלע דעם מת געמאַכט אַ מלא.
אַ איד, אַ זקן, מיט אַ ציטערדיקער באָרד האָט מיט אַ ציטערדיקן ניגון קדיש אָפּגעזאָגט,
און ווייבער, האַלטנדיק די בלויע נעזער אין די פאַרטוכער, —
מיט פּיסקעס, לויז צעיערענע, דעם עלנט האָבן יאָמערלעך באַקלאָגט.

אין מיט פון טיפער נאַכט, אין סודותדיקער שטילקייט,
האָבן צוויי מאַטראָזן צוגעבונדן צו אַ ברעט דעם קאַלטן מת
און שווייגנדיק, אַריבערן פּאָרענטש אַראָפּגעלאָזן אים אין ים אַריין.
געשטאַנען שטום אַ רגע און געקוקט, געקוקט, געקוקט ;
געזען ווי אַ כוואַליע האָט זיך אין אַ גרינעם שמייכל אויפן ים צעשפּרייט,
געזען, ווי דער שמייכל רונצלט זיך, צערינט, צעשווימט, פאַרגייט.

# שאָטנס אויפן ים·

אויף מאָרגן, נאָכן אומגליק, האָט דער עולם זיך געפילט צערודערט און געדריקט.
אפילו דער צערולניק פון אָדעס האָט אויפגעהערט זיך חכמענען.
דעם גאַנצן אינדערפרי איז ער געזעסן לעבן אַנקער אויפן פאָדער־דעק פון שיף
און פייפנדיק אַ שטילן, אומעטיקן ניגון טריב אין ים אַריינגעבליקט.
אים האָט אפילו ניט געאַרט, וואָס לעבן אים געזעסן איז רב לייבישל,
געהאַלטן עפּעס אַ צופּליקטן, אויסגעפּלעקטן ספר אויף די שפּיצעכדיקע קני
און מיט אַ ווייבערש קעלכעלע אין דעם אַריינגעקלאָגט.

באַם הינטערטייל פון שיף איז בער געשטאַנען אָן פּאָרענטש,
אַ שווייגנדיקער, אָנגעשפּאַרט אָן אַנקער און אין ים אַריינגעקוקט:
אַ סטראַשנער פיש, אַ לויתן ממש זעט ער נאָכן שיף מיט ווילדן אימפּעט יאָגט;
דערלאַנגט פון וואַסער זיך אַ הויב, אַ פּליאַסק אין לופטן מיטן עק;
מאַכט פלינק אַ קאָזעלקע און לאָזט זיך, מיטן קאָפּ אַראָפּ, אין ים אַריין:
— אַ גאָטס באַשעפעניש! — טראַכט בער — ווי ס'קוויקט זיך מיט דער לופט,
ווי ס'שפּילט זיך מיטן ים, ווי ס'האָט אַזוי הנאה פון דער שיין! — — —
דער עולם ווערט געוואָוירע און עס וואַקסט באַלד אויס אַ רעדל אַרום אים.
מע קוקט, מע גאַפט, מע סמאָצקעט מיט די ליפּן און מע שאָקלט מיט די קעפּ.
אַ איד מיט אַ פאַרלייגטער, בולבעוואַטער נאָז צעחקירעט זיך:
— פאַראַנען פיש אַזעלכע גרויסע אויפן אָפּגרונט אין דער סאַמער טיף, —
וואָס קענען איבערקערן, גאָט זאָל שומר ומציל זיין, די גרעסטע שיף!
— פאַראַן אַ גרעסער חדוש, — רופט זיך אָפּ אַ יונגערמאַן — אין אָפּגרונט פונעם ים
איז דאָ אַזאַ מין פיש, וואָס האָט אַנשטאָט אַן עק — אַ זעג, אַ לאַנגע, שאַרפע זעג!
אַזאַ מין פיש קען איבערשניידן אויף דער העלפט דעם גרעסטן פּאַראַכאָד!
— אַ בבא־מעשה — פּאַלט אַריין יעווסייקע אין די רייד —
מן הסתם געהערט עס אין כאַנדריוועקער בית המדרש, באַ דער חרובע,
צי, להבדיל, אויף דער אויבערשטער באַנק אין באָד.
— ער גלייבט ניט — בייזערט זיך אַ יונגערמאַן מיט בלויע ברילן אויפן נאָז:
— פאַראַן בפירוש אַ באַשרייבונג. אליין געלייענט... ווי הייסט?! —
— אַ שיינעם דאַנק אייך פאַר דער טובה... פאַרן אויסריידן דאָס האַרץ —
באַמערקט אַ בלייכע אידענע מיט דינע, בלויע ליפּעלעך
— וואָס זאָגט איר ניט צום חכם־עתיקם טרייסט?!

די זון, ווי אַ צעגליטער קוגל קייקלט זיך אַרונטער נעענטער צו מערב זייט.
אַ שיף, אַ פרעמדע, פון אַ פרעמדן לאַנד, באַווייזט זיך אין דער ווייט.
דער עולם קוקט מיט זשעדנע אויגן נאָך דער שווימענדיקער שיף;
באַטראַכט די פּאַסמעס רויך, וואָס דריבלען זיך פאַנאַנדער אינעם ווינט.
אַן אָפּגעדריבלט רעשטל רויך בלייבט שטיין אַ רגע אין דער לופט און וואַרט...
די שיף, די פרעמדע, הוידעט זיך, ווערט בלאַסער, מאַטער און פאַרשווינדט.

אין סומנער שטילקייט פונעם טונקלן אָוונט זיצן קינדער אין אַ ראָד,
און הירשל, אינדערמיט, דערציילט אַ מעשהלע. דערציילט
מיט אַ פאַרשלייערט קעלכעלע, ווי איינער, וואָס דערציילט אַ סוד:
— אינמיטן ים, — פאַראַנען איז אַ הייל, סכנות טיף!
און קומט אין יענע וואַסערן, וואו ס'ליגט די הייל, אַ שיף, —
איז זי פאַרפאַלן, און די מענטשן, נעבעך, — קומען אום!
פון גרויען אָפּגרונט, פון דער בלינדער טיפענעש אַרוים, —
דערהערט זיך, פּלוצלים, אַ פאַרכשופט־זים געזאַנג — —

קינדער רוקן ענגער זיך צוזאַמען.
בעקלעך בליען, אייגלעך פלאַמען,
און דאָס קול פון דעם דערציילער —
דינער, דינער, דינער: —
זייד־פוך אין דער האַנט פון שפּינער...
רינט דער זייד־פוך אַזאַ ווייכער, אַזאַ גרינגער,
וואַרעם דורך דעם שפּינערס פינגער;
ציט אַ שטילער שאַרך און שומער
דורך די פינגער פונעם שפּינער —

ד
י
נ
ע
ר
,
ד
י
נ
ע
ר
,
ד
י
נ
ע
ר
.
.
.

# בונט

דער עולם בונטעוועט: שוין אכט מעת לעת, אַ דאַנקען גאָט אין וועג.
געדאַרפט שוין, על פּי יושר, זען אַ סימן... כאָטש אַ שאָטן פון אַ ברעג!
געמעגט באַגעגנען וואו אַ פויגל: אַ ידיעה אַז סע ערגעץ דאָ אַ לאַנד, אַ שטאָט, אַ פּאָרט!
— אונז איינגערעדט „אַ שנעל־שיף" — קלאָגט זיך אַ פלאַקסיווע אידענע —
צום סוף איז דאָס אַן אָקסן־פור. זי רירט זיך ניט פון אָרט...
— אפילו שוין אַן אָקסן־פור — פאַלט עמעצער אַריין איר אין די רייד —
איז וואָלט מען אויך, פון זינט מע שלעפּט זיך, שוין געמעגט זיין דאָרט!...
— ס'איז, מאָלט אייך, נישט קיין אָקסן־פור — מאַכט איינער מיט אַ חוזק־טאָן —
אַ בלייען פייגעלע איז דאָס... אַן אַלטע טשערעפּאַכע, נישט קיין שיף.
— אַ טשערעפּאַכע גאָר! — לאַכט אָפּ אַ איד, אַ ליץ — סאַ ראַק! אַ ראַק!!
— איר מעגט זיך טאַקע חכמהנען — צעברוגזט זיך אַ שיינער איד —
פונדעסטוועגן האָט טאַקע קיר'ה־פּלאָקן אונז אַריינגענאַרט אין זאַק!...

רב לייבישל איז אויסער זיך: ער וועט זיך מוסר־נפש זיין!
אליין אַ שמועס טאָן מיטן שיינעם אָדן, מיטן קלוגן קאַפּיטאַן:
היתכן, סטייטש! וואָס הייסט מע נאַרט אַ וועלט?... פאַרבלענזעניש... טומאַן!?— — —
רב לייבישל באַמערקט דעם אדן פון דער ווייט: — ער גייט. ער גייט!
צעפּירט ער ברייט די הענט, פאַרנויגט זיך טיף.
דער אָדן שטעלט זיך אָפּ, צעשמייכלט זיך: — מיר בלאָנזשען, מיינע הערן, יהאַ!
דעם שוחט וואַרפט ער צו אַ וואַיניק שמייכעלע, פאַרנויגט זיך עלעגאַנט,
און לאָזט זיך שפּאַנען מיט דער גאַנצער לענג פון שיף.
דער שוחט, מיט צעשפּרייטע הענט, בלייבט שטיין געפּלעפט:
— אַ מבין וואָס אַ רשע קען? ווי קאַלט, ווי רואיק יענער שפּאַנט?!
אָט גאָר, מע בלאָנזשעט ערשט!... ווי הייסט? פאַרוואָס? וואוהין?!
צום ים־הקרח? צו די הרי־חושך?!... אָדער, חס־ושלום, גאָר קיין אָשווענצין?!!!

פאַרנאַכט האָט זיך דער הימל היפּש פאַרכמאַרעט און אַ ווינט,
אַ ברוגזער, געגעבן האָט פון ים אַ בלאָז, אַ פייכט געזאַלצענער טומאַן
האָט אויפן וואַסער זיך געזעצט. אַ נאַכט אַ פינצטערע, ווי שוואַרצע טינט,
האָט זיך אַריינגעגאָסן אינעם בלינדן חלל און געדיכט אים אָנגעפילט.
דער ווינט, מיט פינגער, נעפּל־שווייסיקע, האָט אויף די שטריק און לייטערס,
ווי אויף סטרונעס נאָכגעלאָזענע, מיט צאָרן עפּעס שדימדיקעס אויפגעשפּילט
די שיף איז אין דער פינצטערניש געוואָרן נעלם, אויסגעכאַפּט,
און פּחד האָט דעם מענטשן, אַ פאַרלוירענעם, אין זיינע פאָלעס איינגעהילט.

אין דער קאַיוטע, אונטן, האָט געלאָזן עמעצער אַ פענצטער אָפן שטיין.
אַ בלינדע כוואַליע האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן די ריפּן פון דער שיף,

דערלאַנגט דאָס אויפֿגעמאַכטע פֿענצטער און געטאָן אַ פֿליוך אַריין.
אַ דרימלענדיקער פּאַסאַזשיר, וואָס איז געלעגן אַ פֿאַרשמאַכטער און געקרעכצט,
באַם סאַמע פֿענצטער, האָט זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַ דערשיטערטן געשריי.
אַלס ענטפֿער האָט דערהערט זיך אַ היסטערישער, צעציקלטער געוויין:
אַ גראָבע מויד, מיט אויגן קעלבערנע, מאַכט אויף דאָס מויל און שרייט
מיט אַ באַנומען קול: ר־ש־ע־י־ם! גוואַלד! וואָס לאָזט איר אידן אונטערגיין?!
אַ דורך־און־דורכגענעצטער, ווינט־צעשויבערטער מאַטראָז
באַוויזט זיך אויבן, באַ דער שוועל, צעקאָפּנס פֿון די טרעפּ
און שרייט אַרונטער מיט רציחה: — רואיק, איר, פֿאַרדאַמטע אָקסן־קעפּ!

דער קרעפּטיק־רויער אויסגעשריי צוזאַמען מיטן פּייכטן, זאַלציק־שאַרפֿן ווינט
פֿון דרויסן, — מונטערט, ניכטערט אויס... דער קאַלטער פּחד ביסלעכוויז פֿאַרשווינדט.
אַ שטילער, ציטערדיקער תּהלים־ניגון קריכט פֿון עפּעס אַ באַהעלטעניש אַרויס
און גיסט זיך אויף אינאיינעם מיט דעם איינגעשטילטן כליפּען פֿון אַן אָנגעשראָקן קינד,
וואָס ליגט מיט אויפֿגעדריקטע פּויסטלעך אין דער מאַמעס וויגנדיקן שויס.

אַ שטילער קרעכץ, אַ לאַנג־צעצויגענער, צעקריכט זיך אין דער טונקלעניש.
אַ מויל, אין שלאָף צעעפֿנט, שלינגט די טוכלע לופֿט און כראָפּעט אָפּגעהאַקט.
אַ זויער, אויפֿגערונצלט פּנים בלייכט זיך וואַקסיק־געל אין רויכיקן לאַמטערן־שיין —
דער שטורם־וויגט דעם ים,
דער ים וויגט איין די שיף,
די שיף פֿאַרוויגט דעם פּיין.

# רעזיגנאַציע

דער עולם האָט זיך אויסגעניכטערט קוים. געשלאָסן שלום מיטן ים.
האָט אויפגעהערט צו ציילן שוין די קריכנדיקע נעכט, די נודנע טעג.
באַשלאָסן, אַז דער ים, דער ווילדער עקשן, האָט זיך זיינע גענג,
די שיף, — איר אייגענעם באַשטימטן ציל, איר אויסדערוויילטן וועג.
און ווידער, — ווי מע זאָל זיך שוין ניט שלעפּן וועט מען סוף כל סוף
זיך דאָך דערשלאָגן ווען ניט איז צו יענעם ווייטן, צוגעזאָגטן ברעג.

די פרומע זאַמלען שבת אויף אַ מנין, קומען צו אַ יאָרצייט, אַז מען דאַרף.
למדנים זאַמלען זיך ארום אַ בלאַט גמרא, זאָגן אָפּ אַ פּרקל משניות.
רב לייבישל, דאָס רויטע אָשוועצינער שוחטל, אפילו רודפט נאָך, —
זיין תקיפות אָבער איז שוין גאָר ניט דאָס. שוין ניט אזוי מסוכן שאַרף
אפילו די מחלוקה צווישן אים און דעם צירולניק איז שוין אויך געלאָשענער . .
יעווסייקע ווערטלט זיך מיט אים גוטברידעריש. דער שוחט נעמט דאָס אָן.
באַם עסן בענטשט יעווסייקע מיט פארגלאָצטע אויגן און אַ מינע פון אַ רב
דער שוחט איז אים חושד. שמייכלט ער און סטראַשעט מיטן פינגער באַ דער נאָז :
דו, הולטיי איינער, וועסט נאָך האָבן, שונאי ציון, אַ פּאַסקודנעם סוף !

יעווסייקע ווידער איז געוואָרן מיט רב לייבישלען אַ גאַנצער פּאַניעבראַט.
אַנומעלט האָט רב לייבישל געקלאָגט זיך, אַז די פּלייצעס ברעכן אים.
האָט דער צירולניק אָנגעבאָטן זיך אים שטעלן באַנקעס און — אומזיסט !
אַנאַנדערשמאָל האָט זיך אַ שייגעץ צוגעטשעפּעט צו דעם שוחטס רויטע באָרד, —
האָט דער צירולניק טאַקע אָנגענומען זיך דעם שוחטס קריוודע און —
געכאַפּט אַ פייערדיקן פּאַטש פון קריסט.

און אָט אזוי־אָ עסט מען אלע טאָג געקאָכטע הערינג מיט קאַרטאָפלעס, קרויט ;
אַ זופּ פון גריץ מיט פלוימען, הייסע טיי מיט קלייענדיקן ברויט, —
ניט זעלטן אַ כזית רינדערן פלייש — געאסרט פון רב לייבישלען —
דערווייל פארגייען טעג און נעכט און קורצער ווערט דער וועג,
וואָס פירט צום צוגעזאָגטן לאַנד, צום ווייטן, גאַרנדיקן ברעג.

די לעצטע צוויי דריי טעג פון דער פארפלוכטער רייזע האָט די קיך
גענומען טיילן, פון דער ברייטער האַנט, אַזעלכע קאָרזשיקלעך.
דער עולם האָט די קאָרזשיקלעך געווייקט אין הייסער יויך און זיך פּאָסמאַקעוועט.
רב לייבישל האָט צוגעקוקט, ווי אידן קוויקן זיך מיט טרף געקעכץ
און האָט געשאָקלט מיטן רויטן קאָפּ, געסמאָצקעט מיט די ליפּן און געקרעכצט

אויף וועטשערע, האָט עמעצער פארזיכערט, וועט מען געבן לינדזן־זופּ מיט וואורשט :
אזוי ווי סע שוין נאָענט . . . זשערטעוועט די קיך אַ לייטישן געקעכץ.

רב ליבישל פֿאַרנעמט די בשורה און די סלינע קומט אים אַזש אין מויל אַריין.
ער פֿילט זיך שוואַך ... עס נויעט אים באַם האַרץ און לעצטנס פֿילט ער
אַ פֿאַסקודנע שווינדלעניש אין קאָפּ ... פֿאַרזשמורעט ער די אויגעלעך און קרעכצט

באַ וועטשערע, אין אָוונט, האָט רב ליבישל געפּעלט באַם טיש.
יעווסייקע האָט באַמערקט און זיך געוואונדערט שטאַרק.
אַביסל שפּעטער האָט ער אים געכאַפּט ... געכאַפּט אין צווישנדעק,
אין אַ פֿאַרבאַרגן, שאָטנדיקן ווינקעלע פֿאַרשטעקט ...
געזעסן איז ער אויף דער ערד און פֿון אַ בלעכן שיסעלע געכליאַפּטשעט גיך
דערביי געווישט די פֿעטע פּאַרע פֿון די רויטע וואָנצעס און
מיט ווילדער זשעדניקייט זיך ווי אַ קאַץ, אַ נאַשערקע, באַלעקט.
יעווסייקע האָט זיך איינגעקוקט און ווילד געגאַפֿט: אַ שבתי צביניק קען?!
אין דער מחשבה וואַקסט אים פּלוצלים אויס אַ ווילדער פּלאַן ...
דער פּלאַן איז אים אַזוי געפֿעלן, אַז ער האַלט זיך איין פֿון לאַכן קוים.

דאָס הייסע שיסעלע געקעכץ, די זאַטקייט האָט רב ליבישלען פֿאַרשכורט, איינגעמידט.
און פֿרי האָט ער געלייגט זיך שלאָפֿן און איז איינגעשלאָפֿן ווי אַ קאָטינקע.
יעווסייקע האָט געוואַרט ... איז אויף געוועזן ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט.
אין טיפֿער שטילקייט פֿונעם שפּעטן שלאָף האָט דער צירולניק שטילערהייד
פֿאַרגנבעט זיך ... אַ בלאַנקע שער האָט אויפֿגעגעניצט און — זיך צוגעמאַכט!
אַ זשמוט מיט רויטע האָר, ווי לעבעדיקער זשאַר
האָט אויפֿן ווייסן קישן אין דער טונקלעניש געטאָן אַ שפּריץ;
צעשפּרייט זיך אויפֿן שוחטס ווייסן העמד און האַריקער, פֿאַרדאַרטער ברוסט — — —
באַם שוחט אויפֿן האַרצן שלאָפֿט אַ באָרד אַ רויטע אָן אַ רעכטן שפּיץ.

רב ליבישל האָט אינדערפֿרי, אויף זיין געלעגער ליגנדיק, געוויינט.
דאָס וויינען זיינס האָט קיינער ניט געהערט בלויז ער אַליין.
דאָס פּנימעל אַרומגעבונדן מיט אַ רויט־געפּינטעלטער פֿאַטשיילע, אויפֿן קאָפּ
מיט וועוויריק־אויערלעך פֿאַרקניפּט, איז ער געלעגן און געקרעכצט: —
די ציין, אי וויי, ווי ס׳רייסן אים די ציין, די ציין!

אין אָוונט, זיצנדיק באַ וועטשערע, האָט ער יעווסייקן איינגערוימט אַ סוד:
ער וויל אים זען ... למען השם, — קיין פֿויגל זאָל ניט וויסן ... אים אַליין!
און איינגעהויקערטער, באַגראָבן הינטער פֿעסער סמאָלע, קלאָגט דאָס שוחטל:
— דו ווייסט דאָך, בלוט איז ניט קיין וואַסער ... זאַ מעך ניט מביש, זע!
יעווסייקען האָט פֿאַרקלעמט באַם האַרצן און ער האָט אים צוגעזאָגט ...

דאָס ווערטל, אַז די ווענט פֿאַרמאָגן אויערן אָפּנים איז ניט פּוסט.
מע ווייסט ניט ווי אַזוי, פֿונוואַנען, נאָר — דער עולם האָט זיך פֿאַרט דערוואוסט!

צוואַנציק

רב לייבישל איז אַזש פֿאַר חרפּה קראַנק געוואָרן, זיך אַוועקגעלייגט . . .
געקלאָגט זיך אַז עס ברעכן אים די קריזשעס. פילט אַ שטעכעניש אין ברוסט.

אַז ער איז געזונט געוואָרן האָט ער זיך אַליין
צום טרפענעם צירולניק מיט אַן אונטערטעניגקייט געווענט :
— פֿאַרחוץ, נו, — נעם שוין גלייך אַרום, אַז אָפּגעדאַרט זאָלן ווערן דיר די הענט !
יעווסייקע שפּיגלט זיך אין שוחטס פּנימעל. ער קוועלט גאָר אָן :
— מיט צוואַנציק יאָר געוואָרן אינגער, שווער איך אייך, רב לייבישל !
אַ חתן־בחורל . . . אַן אמתער פֿראַנצויז . . . זאָל פֿעלן כאָטש אַ האָר ! .
דער שוחט כאַפּט אַ קוק אין רונדן פענצטערל פֿון שיף,
דערזעט זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם גלאָז און מאַכט : — מעגסט האָבן אַזאַ יאָר !

דעם לעצטן טאָג פֿון דער געבענטשטער רייזע אויפֿן ים, האָט אינדערפֿרי
באַוויזן זיך אַ פֿויגל אינדערהויך. די פֿליגלען אויפֿן ווינט פֿאַרשפּרייט ;
אַ זעגל, איינגעשניטן אין דער בלויקייט, שימערט, גלימערט אויף,
באַוועגט זיך, הוידעט זיך, ווערט נעלם, ווייזט זיך ווידער און פֿאַרשווינדט.
אַ פֿאַרטיע פֿישער, פֿונעם ברעג דערווייטערט, האָבן זיך צוריק אַהיים געקערט.
דער ווינט, וואָס האַלט די פֿליגלען פֿונעם פֿויגל אין דער בלויער לופֿט,
דער ווינט, וואָס טרייבט די פּלאַטערנדיקע זעגלען אויפֿן וואַסער, — שמעקט
מיט וואַרימקייט פֿון שטעט און זאַפֿטיקייט פֿון ערד.

# באם טויער

דער לעצטער איבערבייסן אויפן שיף, דער לעצטער מאָלצייט נאָכן לאַנגן וועג.
נאָך מיטאָג וועט מען זיין שוין אין אַמעריקע. דער עולם עסט
מיט אַ געשלאָגענעם אַפּעטיט : מע פּילט זיך אויפגעשרויפט, צערודערט און דערפרייט.
נאָך איבערבייסן האָט דער גאַנצער עולם זיך ארויסגעשטעלט אינדרויסן אויפן דעק.
אַנטקעגן, צוגעדעקט מיט דינע נעפּל־בלויע שלייערן, שאַריעט זיך דער ברעג,
און סילועטן — טונקעלע בנינים, אומגעלומפּערטע מאַכיניעס טורעמען
אַרום די לאַצן פונעם כמורנע וואַסער אויסגעשפּרייט.

באַם סאַמע נאָז פון שיף שטייט נחמן צווישן אידן און דערקלערט :
אָ־דאָרט איז ברוקלין, דאָ נויאָרק. דער רונדער מויער — קעסלגאַרדן — אונזער פּאָרט.
און דאָרטן שטייט די פרייהייט־געטין מיטן פאַקל אין דער האַנט.
זי איז די ערשטע צו מקבל פּנים זיין די שיפן וועלכע קומען אָן אין לאַנד.
רב לייבישל הויבט אויף דעם קאָפּ, פאַרזשמורעטביידע אויגעלעך און קוקט פאַרגאַפט :
— הו־וואַ, הו־וואַ ! אַ מין אַסאַבע, קיין עין הרע ניט !
— רב לייבישל ? ! — הויבט אָן יעווסייקע לצעוועןן — אַפּנים איר פאַרגעסט ? !
איר האָט אינדרהיים, ביז הונדערט צוואַנציק יאָר, אַן אייגן ווייב !
רב לייבישל פאַרשטייט קאַטאָוועס ... לאַכט ער מיט : — חלילה, גאָט באַהיט
און וועלנדיק באַשטעטיקן זיין אויסגעהאַלטענע סטאַטעטשניקייט, —
פאַרמעסט ער זיך מיט אַלע פינף צעשפּרייטע פינגער פון דער רעכטער האַנט
אַ קעם צו טאָן די באָרד ... דערפּילט די סטערנעס אויף דער גאַמבעטשקע
און כאַפּט אוועק די האַנט אַשטייגער ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבריט.

די שיף דערוויילבאַוועגט זיך אויף די קאַלעמוטנע וואַסערן.
די מאַסטן הוידען זיך אין ווינט, די פּאָמפּען קלאַפּן מיט אַ גלייכן טאַקט,
און מיט אַ מאָנאָטאָנעם הוזשען ווירבלט ראָד און וואַל
— אָט, איצטערט גייט זי ווי אַ מזמור — מאַכט אלקנה צו יוכבדן —
צעלאָזט זיך ווי די געלע שקאַפּע אונזערע בשעת זי האָט דערשמעקט דעם שטאַל.
יוכבד שמייכלט מיד און נחמן גיט אַ צי דעם קאָזיראָק, באַנעצט די ליפּ
און נעמט פונסניי פאַרטייטשן די וואונדיירים פון אַמעריקע.
מיט קעפּ פאַרריסן און די אויגן אונטער הענט באַדעכלט קוקט דער עולם אין דער הויך :
העט, הויך, כמעט אינאיינעם מיט די כמאַרעס הענגט אויף שטייפע, דינע שטריק,
האַלב־רונדיק אויסגעבויגן ווי אַ דוע, — אַ מאַסיווע, לאַנגע בריק.
— די בריק — באַרימט זיך נחמן — האָט אונז אָפּגעקאָסט אַ קימא לן —

פון זעקסאינדרייסיק און אַ האַלב מיליאָן !
— און טאָמער פעלט אַ פּופּציקער צום סכום — פאַרריכט יעווסייקע מיט אַ וואונקעלע —

איז אויך קיין אומגליק ניט... מע וועט אייך, חס־ושלום, גאָר ניט טאָן...
אַ טיף באַליידיקטער קוקט נחמן אויף יעוּוסייקן און דערלאַנגט אַ בייזן ברום:
— וואָס זאָגט איר ניט צו אַ־דעת גרינער אוגערקע? ! אַ חכם־עתיק! קוקט אים אָן!

בשעת די שיף האָט זיך געהאַלטן אין דערנענטערן צום נעפּל־איינגעהילטן ברעג,
איז שוין די זון, אַ בראָנזיק־רויטלעכע, געהאַנגען נידעריק באַ דרערד.
— מע וועט נאָך מוזן נעכטיקן אין די קאַיוטעס היינט באַנאַכט —
קומט אָן פון קאַפּיטאַן צום עולם אַ שטאָפּעט. אַ כמאַרע פאַלט אַרונטער אויפן דעק.
אין עולם הייבט זיך אויף אַ זאַווערוכע... אַ צערייצטע מורמלעריי:
— וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק?... סדום!... רשעים!. האָסט געהערט? ! — —

דער עולם רעשט און אין געשריי דערהערט זיך אַ פאַרזשאַווערט סקרוכען פון אַ קייט,
וואָס סילעט זיך פון שיף אַרונטער, נאָכן אַנקער, פאַלנדיק אין ים אריין.
דער גרויער קוימען רעוועט זיך פאַנאַנדער מיט אַ הייזעריק־פאַרדומפּענעם געבריל,
די כוואַליעס קאָכן זיך פאַנאַנדער אין אַ ברוינלעך־גרינעם וואַסער־שפּיל...
די שיף, ווי אַ ספּאַלאָשעט־ווילדער לאָשיק, אָפּגעשטעלט ראַפּטאָם, אין ברענענדן גאַלאָפּ, —
דערלאַנגט אַ ציטער מיטן גאַנצן גוף, אַ טרייסל מיט דער גריווע און שטעלט זיך אָפּ.

די וועטשערע איז דאָס מאָל שוין געווען אַ גאָר געהויבענע.
די בלעכענע שאַרמאַנקע האָט זיך ווידער אויפן דעק
געיאַוועט און זיך רוישיק־הייזעריק צעשפּילט.
די דייטשן האָבן היפּש געשכורט, טומלדיק געזונגען און געטאַנצט.
די אידן זיינען אויפן דעק געזעסן, מרה־שחורהדיק געשמייכלט און
אינגאַנצן אויף דער חתונה זיך עפּעס היימלעך ניט געפילט...

פונוויטנס האָט די שטאָט, מיט אויגן אָנגעצונדענע, אויף זיי אַראָפּגעקוקט,
געוואונקען נאָכאַנאַנד, געשמייכלט עפּעס מאָדנע קאַלט און פרעמד.
די פרייהייט־געטין, מיטן ברענענדיקן פאַקל אויפגעהויבן אין דער האַנט, —
איז עפּעס ווי געהאַנגען הויך איבער דער שיף פאַרנעפּלט, ברוגז, אָנגערוקט...
אַ קליינער דאַמפּפער, שוואַך באַלויכטן, צו אַ באַרזש, אַ פינצטערן געשפּאַנט,
אַ סאַפּנדיקער פויזעט אָפּן שוואַרצן וואַסער, וואָויעט מיט אַ הייזעריק געשריי.
די בריק, — אַ מרה־שחורהדיקער רעגנבויגן, אָנגעצונדן הענגט אַריבער זיי...

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך די שיף געוואַקלט און די שווערע אַנקער־קייט,
אין וואַסער, האָט איר שלאָף־ליד מאָנאָטאָן געזשורזשעט נאָכאַנאַד.
אין האַלב־צעשטרייטן שלאָף, — געחלומט האָבן הערצער אָנגעשראָקענע,
געחלומט אויף דער שוועל, באַם סאַמע טויער פונעם צוגעזאָגטן לאַנד.

# בא דער שוועל

ווי נאר ס'האט אנגעהויבן טאגן איז דער עולם שוין געשטאנען אויף די פיס.
פארטאָן איז יעדערער מיט זיך. מע פּאַקט, מע בינדט, מע מאַכט זיך גרייט...
— אלקנה — פרעגט יוכבד אַ צעטראָגענע — דו האָסט נאָך כייקל באַריטאָנס אדרעס?
— ער הייסט שוין מער ניט כייקל באריטאן — פארריכט איר נחמן בורטשענדיק.
— ער רופט זיך טשארלי קאַרטען איצט. זיך שיין ארויפגעארבעט אין אמעריקע
צוערשט אַליין געפּעדלט „דזשאָנק״ מיט אַ געדונגענעם „עקספּרעס״
היינט האָט ער שוין אַליין אַ „דזשאַנק-יאַרד״, „לאָטס״ אין בראָנזוויל, „ריעל-עסטייט״.
יוכבד הויבט ניט אָן פאַרשטיין, וואָס נחמן פּלאַפּלט דאָרט.
נאר פילן פילט זי, אַז דער כייקל באַריטאָן איז אַ מיליאָנשטשיק אין אמעריקע:
דו שפּילסט זיך מיט קאָלאָמבוסן? ... אמעריקע! — אז איינעם גייט?! — —
זי כאַפּט אַ קוק אויף איר הלבשה... אויף אלקנהן... אויפן קינד
און טראַכט: — ער וועט אוודאי שעמען זיך מיט זיי אצינד

אַ זייגער צוועלף איז קעסל-גאַרדן שוין געווען געפּאַקט
מיט מענטשן, פּעק און זעק; מיט פרעמדע נע-ונדניקעס,
מיט אורחים אומגעבעטענע, באַם סאַמע טויער פון דער נייער וועלט.
אַ לאַנגע שורה מענטשן, קלומקעס, זעקלעך, פּעקלעך סילן זיך אדורך
אַ לאַנגן, טונקלן קאָרידאָר. באַאַמטע שטעלן אָפּ, פאַרשרייבן, פרעגן אויס...
מען הייסט זיך ווייזן ס'ביסל האָב און גוט. מע פרעגט אויף געלט...
דערנאָך פאַרשפּאַרט מען הינטער טירן און דאָקטוירים נעמען בודק זיין...
מע טאַפּט, מע קוועטשט, מע זוכט, מע קריכט הינטער דער הויט,
מע רייסט די וויעס אויף, מע שטופּט די פינגער אין די וויסלעכן אריין...
מע קלייבט פאַנאַנדער... מע סאָרטירט, ווי עפּעס, — ארבעס אונטער חשד...
און קולות, קולות — אַז עס רוישט אין קאָפּ, ווי אין אַ טשאַד...

אַז ס'איז געקומען נחמנס אָטשערעד — האָט ער זיך מיטן אדון אין מונדיר צערעדט.
דער ברוגזער באַאַמטער האָט אַפּנים ניט פאַרשטאַנען אַלץ וואָס נחמן זאָגט,
מחמת אַלע מאָל האָט ער אים אָפּגעשטעלט... געשמייכלט מיט אַ כיטרע שמייכעלע.
און נחמן, — איז כמעט ווי זיכער, אַז דער ערל, ברענען זאָל ער, — חוזקט, שפּעט.

אַז נחמן מיט זיין בינטל „גרינס״ האָט זיך פון גוי באַפרייט
און איז אַ בלאַסער, אַ פאַרשוויציקטער ארויס אינדרויסן אויפן גאַס, —
האָט ער זיך ערשט צעפּייערט, זיך צעליאַרמט אויף אַ קול. געברענט פון כעס:
— אוועקגעזעצט אַ גולם מיט אַ בלעכל אויפן דעניק און — עס ברענט אַ וועלט!
וואָלט איר מיר ניט געלעגן אויפן קאָפּ, — וואָלט אים שוין קיין קדחת ניט געפּעלט!
בא בערן קומט דאָס עפּעס פּריקרע אויס: — וואָס הייסט מע ליגט אים אויפן קאָפּ?!
דער נחמן איז אינגאַנצן גאַר אַנאַנדערער פונזינט מען איז פון שיף אַראָפּ!

אלקנה הערט און שווייגט. יוכבד פילט זיך מאַט. זי האַלט זיך קוים אויף אירע פיס.
אַנטקעגן קעסלגאַרדן גרינען בוימער אין אַן אויסגעפּוצטן פּאַרק,
וואו ס'שטייען געפאַרבטע בענק צעשטעלט אין שאָטן פון דעם קילן סאַד.
דאָס בינטל זעצט זיך אויס אויף די צעשטעלטע בענק און אָטעמט אָפּ.
אוורעמקע און מנשה, הויך די קעפּ פאַררייסן, קוקן אויף די הויכע מויערן.
מע ציילט די פענצטער, די עטאַזשן און מע שפּאַרט זיך וועגן זייער צאָל.
מע אַמפּערט זיך, מע קריגט זיך און מע הייבט אָן ציילן נאָכאַמאָל.

* * *

— דאָס איז דער „עלעוויטער”, — ווייזט זיי נחמן מיט אַ שטייפן פינגער אינדערלופט.
די „גרינע” הייבן אויף די אויגן, קוקן און זיי ווייסן פּאָרט ניט וואָס ער וויל.
אַ רגע שפּעטער קריכט שוין נחמן מיט זיין כאַפּטע איבער הויכע און געדרייטע טרעפּ.
דאָס בינטל שלעפּט זיך הינטער אים פאַרשמאַכט, מיט מיד־אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.
יוכבד טוט אַ קוק אַראָפּ, ווערט בלייך און גיט אַלקנהן פאַרן ראָק אַ שלעפּ:
אַנטקעגן, באַלד צופוסנס, בלאַנקען בלויע רעלסן אינעם מאַטן אָוונט־ליכט.
יוכבד גיט אַ זיפץ: — נו, וואָס, מע הייבט ערשט אָן? ... אויף מיינע שונאימס קעפּ!
אַ פייף רייסט איבער איר געדאַנק. אַ גרויער שלייער רויך און אונטער אים —
אַ שורה רוישיקע וואַגאָנעס מיט צעפלאַמטע פענצטער
רוקט זיך אָן און שטעלט זיך טעמפּ אוועק.
יוכבד פילט ווי ס'ציטערט איר דאָס האַרץ ... אָט, — חלשט זי פאַר שרעק.
באַ בערן רוישט אין קאָפּ, עס קלינגט אים אין די אויערן, עס שווינדלט אים אין מוח: —
אַ באַן, — ווי שדים וואָלטן אים געטאַשטשעט איבער הייזער, דעכער, גאַסן, — אינדערהויך!
באַ שיינען מאַכן זיך די אויגן צו ... עס נאָגט, עס נויעט איר באַם האַרץ.
עס גיט איר מיטאַמאָל אַ זעץ אין נאָז אַ ריח פון ים ... קאַיוטע ... שיף ...
אלקנהן דאַכט זיך: מענטשן שמייכלען קעגן איבער אים. מע לאַכט זיי אויס.
ער לאָזט אַראָפּ די אויגן און — צום ערשטן מאָל, פון זינט דאָס „קאָמיטעט”
האָט זיי אין האַמבורג „אויסגעקליידט”, האָט ער אַ רעכטן קוק געטאָן אויף זיך: —
די געלע, קעסטלדיקע הויזן, זעט ער, זיינען איינגעלאָפן דורך דער צייט,
און גרייכן אים כמעט שוין ביז די קני. די פיס — אין ברודנע זאָקן קאַרענע,
פאַרזעצט אין אויסגעקרומטע, לאַנגע, שפּיציק־שאַרפע שיך.
די אַרבל פונעם קאַפּטן, — ביז די עלנבויגן און באַם קאַפּעליוש —
אַפּנים פון די רעגנס אויפן ים, פון זון, פון שאַרף־געזאַלצענעם ווינט —
האָט זיך דער ווערך אַרויסגעשלאָגן שפּיציק, ווי אַ גענזן איי.
דער דראָט אַרום דעם ברייטן ראַנד פון קאַפּעליוש, — האָט זיך פון ראָסט
צעבראָכן און זיך אויפגעהויבן באַ די זייטן פונקט, ווי פליגל צוויי: —
איז גרייט אוועקצופליען אין דער וועלט אַריין ...

יוכבד, פונקט פון אים דער היפּך, קורץ און דיק, — ווי איינגעמויערט זיצט
אין אַ ברוינעם יאַקל צוגעשפּילעט אָפן ברייטן בוזעם מיט אַ פאַרצעלייענעם קנאָפּ

די שיך, — די נעז פאַרריסן עזותדיק, אַרויף־צו — טענהן צו דער ספּאָדניצע
— באַהאַלט די פּיס. די קאָרן־ברוינע זאָקן. רוק, זיי מוחל, זיך אַראָפּ!

און בער, — אין אַ צעקנייטשטן, זאַמד־קאָליריקן כאַלאַט,
אין אַ צעליאַפּעטן קאַשקעט פון אָפּגעבליאַקעוועטן בלוילעכן געוואַנט —
אַ זכר נאָך אַן אויסגעדינטן ניקאָלאַיעווסקן סאָלדאַט —
און פּלודערן, וואָס קיינער וואָלט שוין ניט געקענט באַשטימען קלאָר
דעם אמתן קאָליר, דאָס מין געוואַנט... און אויף די גרויס צערעפּעטע צוויי פּיס
לאַקירטע שיך, וואָס האָבן קיינמאָל זיך ניט אָנגעקערט... לגמרי ניט קיין פּאָר.

אוורעמקע, — אין אַ העלן שפּענצער און אין שוואַרצע פּלודערן,
מיט ברייטע טאַשמע, ליאַמפּאַסן אַזעלכע באַ דער זייט,
און אין אַ היטל מיט אַ ברייטן דעניק און אַ פּיצל קאַזיראַק —
אַ זעלטענער פּאַסאָן, אַן איבערבלייבעכץ פון כמעלניצקעס צייט.
און שיך מיט מיידלשע אָפּצאַסן, אויסגעדרייטע אויף אַ זייט...

און מלכה, — אין אַ סאַמעטענעם טוניעק, שליאַרעס ביז צו דרערד אַראָפּ.
אַ מין ווענגערסקע היטעלע מיט אָנגעקרויזטע שוואַרצע פּעדערן,
וואָס האָט אַ פּנים פון אַ קוואָקע, זיצט צעליאַפּעט אויפן קאָפּ,
און הירשל, — אין אַ בלויער פּעלערינע, הייזלעך ביז צו דרערד.
און שיך, לויט זיינע פּיס, אוודאי אנדערהאַלבן מאָל די גרייס...
אלקנה האָט זיך איצט דערמאָנט: געוועזן אַמאָל אין קיעוו, באַ אַ יאַר־יריד.
געזען דאָרט קאָמעדיאַנטן... אָט אַזוי־אָ זעען טאַקע קאָמעדיאַנטן אויס.

## יוכבד שטרייקט

עס לויפן די וואַגאָנעס מיט אַ טעמפּן הוזשערייַ
אַריבער גאַסן, הייזער, דעכער, שטריק מיט פּלאַטערדיקן גרעט.
באַ הירשלען איז די נייַע וועלט, אַ וועלט פון זעלטענע חידושים. שטעלט ער זיך
באַם פענצטער, אויף דער באַנק, מיט ביידע קני און טוט ראַפּטאַם אַ קוק אַראָפּ...
דערבייַ פאַרגעסט ער אַז דאָס פענצטער איז פון גלאָז און טוט
אַ באַץ אַרייַן דעם שטערן, אַז עס גיט אים אַזש אַ קלונג אין קאָפּ.
אוורעמקע און מנשה שיסן אויס אַ שרויטיקן געלעכטער. נחמן צינדט זיך אָן:
— וואָס מיינט איר דאָס? ס׳איז אייַך וואָראָניוווקע?! חאַמולעס וואָס איר זענט!
באַ בערן טוט אַ קאָך דאָס בלוט: — געפעלט אים ניט, דעם פריץ דעם פאַרדריפּעטן!
דאָס מאַכט אַן אָנשטעל אַקוראַט, — אַשטייגער ווי איך וואָלט אים ניט געקענט!

דער הויף־באַן גליטשט זיך אויף די רעלסן, הודיעט, הוידעט זיך און שטעלט זיך אָפּ.
אָן ווערטער הויבט זיך נחמן אויף, דערלאַנגט אַ וואונק; — נו, קריכט אַראָפּ!
דאָס בינטל פאָלגט. אַרונטער די גערדרייטע טרעפּ איז גרינגער פאַרט.
אַ שווייַגנדיקע שלעפּט זיך די כאָליאַסטרע הינטער נחמנען און נחמן — שווייַגט.
— ער שעמט זיך מיט די „גרינע" — פאַלט אַלקנהן איין — ער האַלט זיך פרעמד...
גייט אָנגעבלאָזן ווי אַ אינדיק. זשאַלעוועט אַ שמייכל טאָן, אַרויסרעדן אַ וואָרט.

— אָט האָט איר קעטרען פערי — בורטשעט נחמן — צען מינוטן מיטן וואָס —
יוכבד לאָזט אים ניט דערענדיקן און שטעלט זיך אָפּ ווי אַ נאַטורעוואַטע קו:
— איך גיי ניט. כ׳ריר זיך ניט פון אָרט! צעטומעלט קוקט איר נחמן אָן:
— וואָס מאַכסט זיך נאַריש? קום! די פערי וועט ניט וואַרטן... מיוחסתטע!
— דו דרייַ מיר נאָר קיין ספּאָדיק ניט. איך קען שוין דייַנע צען מינוט...
די צווייטע שנעל־שיף דיר!... סך־הכל ניין מעת לעת...
דו מיינסט איך האָב אַ קעצענעם זכרון... איך פאַרגעס! פאַרגעס!!
אַלקנה, בער און נחמן בעטן זיך באַ איר רחמים. מע נעמט איר איין: —
— נאַ, זע! אָט איז דער ברעג. דאָרט ברענען ליכט... געזען אַזוינס!?
יוכבד אָבער איז פאַרעקשנט, אייַנגעשפּאַרט. ס׳האָט לאַנג גענומען ביז
מען האָט איר אייַנגערעדט. זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, די הענט: — אַלצאיינס!
אַ ל צ א י י נ ס ;

## „דזשאַנקי“

אַ גרויסע הילצערנע פּירעקיקע געביידע. צוויי עטאזשן הויך.
פון גאַס און טראַטואַר גאַנץ ווייטלעך אָפּגערוקט
פון די שטאַכעטן ביז ארויף צום סאַמע שוועל פון הויז —
אַ גאָרטן פון — פאַרזשאַווערט אייזן, דראָט, טשוגון און שטאָל ;
צעפוילטע קופּעס שמאַטעס, גומי, קלאָטשע, זעק, פּאַפּיר.
און אָט אין דער געביידע וואוינט עס טשאַרלי קאַרטען, אונזער גביר.

באַגעגנט האָט די „גרינע“, — טשאַרלים אַ קודלאַטער, שוואַרצער, בילנדיקער הונט :
פאַרסטאַמפּעט זיי באַם סאַמע טויער און זיי ווייטער ניט געלאָזן גיין.
אומזיסט האָט נחמן זיך געפּרואווט דערמאַנען ווי דער כלב הייסט...
געלאַשטשעט אים מיט וואַרעם־ווייכע רייד... ס'האָט ניט געווירקט
באַם כלב האָבן זיך די האָר ווי נאָדלען אויפן רוקן אויפגעשטעלט,
די ליפּ, די אייבערשטע, האָט זיך באַ אים ארויפגעקאַשערט ביז דער נאָז
און אָפּגעדעקט אַ שורה ווייסע, שפּיציק־שאַרפע, בליאַסקנדיקע ציין.
אויף דעם צעהיצטן בילעריי, — האָט זיך אַ דיקע אידענע מיט אַ קאַרנאָסער נאָז,
אין דער באַגלייטונג פון אַ כאָפּטע קינדערלעך פאַרמורזעטע,
באַוויזן אויף דער שוועל און אנגעהויבן גוואַלדעוועז : — שאַראַפּ ! קאָם היר !
דער הונט האָט נאָך אַ צוויי דריי ביל געטאָן, פאַרענדיקט מיט אַ שאַרפן ה־אַ־ר־ר־ר.
און מיט אַ נאָכגעלאָזטן עק און סקאַסנע אויגן אומגעקערט צום טיר.

די אידענע האָט נחמנען דערקענט. געטאָן אַ פּאַטש מיט אירע קלעצלדיקע הענט
און זיך צעפּאָנפּעט אויף אַ קול : סע זאָל דיר זיין ! סע נייטן ! „שור“ !
און דאָס דאַרף זיין — יוכבד ! קוים דערקענט ... און דער איז —בער !
און דאָס דאַרף זיין אלקנה. און דאָס שיינע ווייבל ? — דיינע, נייטען, האַ ? !
וואָס זאָגט איר ניט צו אים ? ! און מיך האָט איר דערקענט ? ... דערקענט !
אין טיר האָט טשאַרלי זיי באַגעגנט מיט אַן אנגעשטאָפּטן מויל מיט עסנווארג :
—ה־ע־ל־אָ־אָ ! וואָס מאַכסטו נייטען ? וואו דאָס ווייבל דיינס ? — —
אַן אמתע קראַסאַוויצע ! ... כדאי געוועזן הוצאות ליגן ... קרן מיט פּראַצענט !
אין שטוב ערשט האָבן זיך די ווייבער נאָכאַמאָל צעסמאָצקעט. טשאַרלי פּאַטשט
די מאַנסבילן אַן די פּלייצעס, קנייפּט די ווייבער פאַר די גוידערלעך ...
אַ רגע שפּעטער שטייט שוין אויפן טיש אַ פלאַש מיט בראַנפן, גלעזער, פלעשער ביר
און טשאַרלי טראָגט מיט חדוה אונטער יעדערן אַ גלאָז און טרייבט :
—— ל ח י י ם, אידן ! ווייבער ! גאָט זאָל געבן אַל־דאָס גוטס !
די דיקע אידענע דערוויילע גרייט צום טיש, דערלאַנגט אַ שווערלעכן פּאָלימעסיק
געהאַקטע אייער, אָנגעבראָקט מיט ציבעלעס, באַפּרעסטלט היפּש מיט גענזן־שמאַלץ.
בשעת די מאַנזבילן וואַשן זיך אין קיך איז די קאַרנאָסע זיך מתעסק מיט יוכבדן :
— דאָס שייטל, — וואַרף אַראָפּ. די מאַנסבילן האָבן פיינט... און זאָג ניט „יענץ“...
אַ מיאוס וואָרט... און, זע, למען־השם, — פאַרגעס ניט נעמען ביטער זאַלץ !

דער עולם זיצט ארומען טיש און טשארלי האלט די פלאש אין האנט :
— אלקנה, ביזט דאך גאר א פעפער ! — — — בער, — ביזט אויסגעוועפט ! — — —
העי, נ י י ט ן , גוטער ברודער, דו ביז פארט אַל־רייט, אַ־ל־ר־י־י־ט !
די גראבע גיט א שטעל אוועק אינמיטן טיש א שיסל מיט קארטאפל־זופ,
דערנאך — א היפשן טעלער אנגעלייגט מיט גלאנציק־פעטן פלאסטער־פלייש ;
א קנאבן אנגעגאסן מיט א ליכטיק־ברוינעם מארך. א שטארק צעקאכטע ציבעלע.
בא בערן רינט די סלינע אזש פון מויל. די אויגן ווערן ווי די קולאקעס . . .
אלקנהן נאגט הינטערן הארץ. עס הונגערט אים. דאס חיות גייט אים ממש אויס.
און נחמן האט געמאכט א ליאמפע, — פלאמען אים די באקן און דער שטערן שוויצט.
—— קאלאמבוסעס מדינה איז א גליק פאר אידן, כאטש עס הערשט א קריזיס איצט —
פארגעסט ניט די קארנאסע מיסעס קארקען טרייסטן אירע גרינע געסט.
— אוים יחוס דא . . . דער בעל־מלאכה — שניידער, שוסטער — זייער וועלט !
א רב קען ווערן דא א באלעגאלע און א באלעגאלע — פרעזידענט !
אבי ער האט די קלינגער נאר . . . דער גאנצער יחוס דא איז, — געלט, געלט !

— סיי גאסילע ! — גיט טשארלי א באפעל—— דערלאנג אביסל פרוכט צום טיש !
באלד שטייט א גרויסער קליאש מיט פרוכט, א טאץ מיט „פענציקרעקערס", ניס.
אין קליאש, באמערקט אלקנה, צווישן אויבס, אזעלכע לאנגע געלע פאלטשיקעס.
באמיט ער זיך, שטרעקט אוים די האנט, נעמט איינס און גיט ראפטאם,
ניט אפגעשיילטערהייד, דאס גלייך אין פיסק אריין א שפאר.
דאס קליינווארג, טשארלים, גיט א שים ארוים א הילכיקן געלעכטער אזש
דאס הויז פאלט שיר ניט איין, און טשארלי, — קוקנדיק אויף זיי :
— „פענאנעס", גרינע חיה, עסט מען ניט אזוי. מע שיילט זיי אפ !
— איז וואס איז דער געלעכטער — בייזערט זיך די גראבע גאסי, קלאמפערשטן
און ס'שפארט איר דאס געלעכטער, אזש די אויגן קריכן איר פון קאפ.
יוכבד זיצט ווי א פארטשאדעטע. עס איז איר פריקרע אַ־דאס אלץ.
עס זשומעט איר איןביידע אויערן . . . עס שווינדלט איר אין קאפ : —
„פ ע נ א נ ע ס". . . יחוס. . . שניידער. . . שוסטער. . . געלט. . .
די מאנסבילן האבן פיינט . . . ס'א קריזים . . . ביטערזאלץ.

איז יענער נאכט איז מען געזעסן בא די קארטענס העט, ביז שפעט.
דערמאנט זיך . . . שטילערהייד געזיפצט, געסודותט זיך, גערעדט, גערעדט.
נאך האלבער נאכט האט זיך דער עולם אויסגעלייגט . . .
פארמאכט די אויגן און געפרובט אנשלאפן ווערן, — נאר עס שלאפט זיך ניט :
אינדרויסן זיפצט די נאכט . . . און ס'בלאנזשען ערגעץ אומבאקאנטע טריט.

שא. שטיל.
אין בלויער ווייטקייט פון דער נאכט שרייט ערגעץ ווייט א לויפנדיקער באן.
א פייף, א שארף־צעצויגענער, ווי א ראקעט שיסט אויף, דערנענטערט זיך,
פארכליפנעט זיך, גייט אויס, פארלעשט זיך און פארשווינדט, פארשווינדט . . .

אין בודע כאַפּט זיך אויף פון שלאָף דער שוואַרצער, קודלעוואַטער הונט,
פאַררייסט די מאָרדע און צעוואויעט זיך מיט אַ רחמנותדיק געוויין
דער האַלב פארוועלקטער בוים אין טשארלים „יארד”, צעזיפּצעט זיך אין ווינט...

# הירשלס ערשטע לעקציע

דער ערשטער אויפגעשטאַנען אינדערפרי איז הירשל.
ער האָט זיך אָנגעטאָן אויף גיך און שטיל ארוים פון שטוב;
זיך אויפן גאַניק, פאר דער טיר פון הויז אַוועקגעשטעלט.
מיט אויגן דורשטיקע איז ער געשטאַנען און זיך איינגעקוקט:
אינמיטן, צווישן אים און הימעל איז געשטאַנען ווייס די נייע וועלט.
דער הימעל טיף און בלוי, ווי אָפּגעשפּיגלט אין אַ שטילן וואַסער ציטערט לייכט.
די זון — אַ גאָלדן אויג אַן אויסגעשלאָפנס, נאָר־וואָס אויפגעמאכט, —
פארחידושט קוקט אים אָן און שמייכלט: — הירשל? ... הירשעלע! און לאַכט!

בא הירשלען ציטערט וואָס אין האַרץ. ער לאָזט די אויגן צו דער ערד אַראָפּ:
אפּנים, בעת ער איז געשלאָפן האָט גערעגנט אויף דער וועלט:
די ערד איז נאַס און שמעקט מיט פייכטער קילקייט, צוויט און נאַכט...
אַנטקעגן, זעט ער, שטייט אַ ווייסע הויז. ערשט איצט צום ערשטן מאָל באַמערקט.
פון ערשטן שטאָק, — אַ בלוי־געפארבטער גאַניק קוקט אין גאַס אַראָפּ.
די ווענט, כמעט אינגאַנצן פענצטער און דער דאַך מיט גרינעם בלעך געדעקט.
אַ רויך, אַ בלויער, וויקלט זיך ארוים פון קוימען, שלענגלט זיך ארויף, ארויף,
פארציטערט אין דער בלויקייט, ווערט פּאַמעלעכל צעשוואומען, — אָפּגעמעקט...

אַ פענצטער עפנט זיך אַריבער דעם געפארבטן גאַניק און אַ רונדע פרויען־האַנט
באַווייזט זיך, טראָגנדיק אַ שטייג און אין דער שטייג — אַ גרינער פּאָפּוגיי.
— ה־אַ־ל־אָ! — דערהערט ער פּראַלט ארוים פון גרינעם פויגלס האַלז,
און נאָכן כאָרכלדיקן, אויסגעצויגענעם ה־אַ־ל־אַ־אָ־אָ —
אַ ים מיט ווערטער אָנגעפּראָפּט מיט הייזעריקע רישן אָן אַ שיר:
— צו וועמען רעדט ער עס?! — פרעגט הירשל, אַ פארחידושטער — צו מיר?!!!
דער דאָזיקער „האַלאָ”, דעם פויגלס, איז אים שוין ניט פרעמד.
פון טשארלים מויל, ערשט נעכטן, דאָס צום ערשטן מאָל געהערט.
דאָס איבעריקע, אָבער, וואָס דער פויגל זאָגט — פאַרשטייט ער ניט.
ער איז אים שטאַרק מקנא: — האָ, ווען ער וואָלט כאָטש אַזויפיל וויפל ער געקענט!

אינדרויסן, פאר דער בודע, שטייט דער הונט דער שווארצער אויף דער קייט
און געגעצט מיט אַ שלוכצל אין דער שטילער, ווייסער וועלט אריין.
די פעל, די שווארצע, פינקלט פייכטלעך און די טונקל ברוינע אויגן ברייט
צעעפנט לויכטן ווי בורשטין אַנטקעגן ווייסן מאָרגן־שיין.
עס ווילט זיך הירשלען שלום. פּרובט ער, שטעלט זיך איין...
צו־ערשט, — וואַרפט הירשל צו דעם הונט אַ לייכטן סמאָקיז, דערנאָך, —
פארגינט ער זיך, מיט ציטערניש, די האַנט פּאַמעלעך טאָן אַ שטרעק.
דער הונט איז מסכים... איז מרוצה... בויגט דעם רוקן איין...

דער בויך דערלאַנגט אַזש ביז צו דרערד, אַזש ביז צו דרערד!
דערביי פאַרזשמורעט ער די אויגן, הוידעט מיטן פרענזלדיקן עק.
פּאַמעלעך רוקט זיך הירשל צו צום הונט און ברומט ארויס: — ה־א־ל־אָ־אָ!
דער הונט פאַררייסט די מאָרדע ביז צו הירשלס פּנים און
איז אים מכבד מיט אַ לאַשטשנדיקן, וואַרעם־פּייכטן לעק...
באַ הירשלן פאַלט אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ: — ה־א־ל־ה־ה־ה־אָ־אָ!!!
מאַכט הירשל און עס ווערט אים וואַרעם פונעם בלויזן קלאַנג.
— ה־א־ל־אָ־אָ־אָ! פּרובט הירשל נאָכאַמאָל. און „ניגער" ענטפערט אים:
— האוו־האוו! — ה־א־ל־אָ־אָ־אָ! —־ ה ה אַ ו ו ה א ו ו! — האלאָאָ — האווהאוו!
ווער ווייסט ווי לאַנג עס וואָלט אַזוי געוועז געצויגן זיך דער מין דועט,
ווען ניט יוכבד דאָרט, וואָס האָט פון פענצטער אינדערהויך ארויסגעשטרעקט דעם קאָפּ
און אָנגעבייזערט זיך: וואָס איז דאָס פאַר אַ שטיק?! אַ מין געזאַנג?!
אַ ברוגזער, אַן אָנגעבלאָזענער האָט הירשל זיך פון נייעם חבר אָפּגעקערט.
אין האַרצן אָבער האָט באַ אים דעם גאַנצן טאָג געזונגען נאָכאַנאַנד,
געזונגען דער צעצויגענער „ה־א־ל־אָ־אָ־אָ." געקלונגען און ניט אויפגעהערט

# ויהי ערב ויהי בקר

נאָך איבערבייסן האָט זיך נחמן אויף דער וועלט אַוועקגעלאָזט.
געוואָלט געוואוירע ווערן וואָס עס טוט זיך אין דער גרויסער שטאָט.
די זון האָט מילד צו אים אַראָפּגעשמייכלט און די ערד אונטער די פיס, —
געטאַנצט. אים דאכט זיך: ער איז ערשט פון אונטער דרערד ארויסגעקראָכן ווי אַ קראָט: —
וואָראָניוועקע. טעלעפּליק. האַמבורג. שיף — אַ בייזער חלום! אוים! אַ דאַנקען גאָט!

אין גאַנג פון טאָג האָט נחמן זיך דערוואוסט:
אין גאַנץ אמעריקע איז איצט אַ קריזיס און אַ ביטערער דערצו.
און מענטשן, אין די טויזנטער, זיך דרייען אום איצט פּוסט און פּאַס.
משפּחות, אין די הונדערטער, זיך וואַלגערן, ארויסגעוואָרפענע, אין גאַס.
די שעפּער שטייען ליידיק, די פאַבריקן צוגעשלאָסן און — מע פוכנעט אויפן פיסק.
נאָר ער האָט אַלץ נאָך דעם בטחון ניט פארלוירן אין דער וועלט.
אַט, — זאָל מען נאָר בא קלאָקס געוואוירע ווערן אַז ער איז שוין דאָ...
איז קריגט ער באַלד אַ „דזשאָב" און הויבט אָן מאַכן גוטע געלט:
אַזעלכע בעל מלאכות זיינען אין אמעריקע קיין סך נישטאָ!

דעם גאנצן טאָג האָט טשארלי אויפן „יארד" געשוויצט אונטער דער זון,
זיך אויסגעמישט אינאיינעם מיט די קופּעס שמאַטעס, אייזן־ברוך, פּאַפּיר —
אליין אַ קופּע שמאַטעס, מיסט, פאַרזשאַווערט אייזן־ברוך, טשוגון!

יוכבד, לעבן פענצטער, קוקט אין „יארד" אַראָפּ און קלערט:
אַט־דאָס איז אין אַמעריקע אַן עושר?!... פע! וואָס פון אַ מענטשן ווערט?!

אין ווינקל פונעם הויף, פאַריתומט, שטייט אַ נידעריקער בוים.
די צווייגן אויסגעדאַרטע און שיטערלעך צעגרינט,
און וויגט זיך אַ פאַרחלשטער אין הייסן, שלאַבערדיקן ווינט.
באַם שטאַם פון בוים שטייט צוגעבונדן אויף אַ לאַנגן שטריק אַ ברוינע ציג
און מעקעט מיט אַ שוואַך, פלאַקסיוון קול, אזוי זיך אין דער וועלט אריין.
די טעמפּע, טונקל־ברוינע אויגן שימערן ווי טונקעלער בורשטין אַנטקעגן שיין.
פאַרנעפּלט שוועבט פאַרביי יוכבדס אויגן מיטאַמאָל דאָס אַלטע דאָרף,
דער סטעפּ, דער טייך, די מיל, דעם גלחס טונקל־גרינער סאָד;
די ווייסע תיפלה — איינגעזונקען זאָל זי ווערן דאָרטן וואו זי שטייט!
יוכבד פילט ווי הינטערן האַרצן האָט זיך עפּעס איר געטאָן אַ וואָרף...
אַ צאַפּל, אויסגעשטרעקט, שטאַרבט אָפּ, פאַרגייט...

פּאַרטאָג נאָך האָט זיך בער אַוועקגעלאָזן אין דער אומבאַקאַנטער וועלט.
און אַז די זון האָט זיך געכומען זעצן און דער אָוונט האָט

דעם ערשטן שטערן אָנגעצונדן און אין הימעל אים ארויסגעשטעלט
און בער האָט זיך אַהיים ניט אומגעקערט, —
האָט מלכה אָנגעהויבן איבערקלערן: אפשר האָט, חלילה, וואָס מיט אים פּאַסירט?!
אלקנה וואָרטשעט: — זאָגט ניט וואָס און ווען... צוויי לאַנגע פיס און שפּאַנט!
ערשט שפּעט אין אָוונט האָט אים טשארלים אַ באַקענטער אָנגעטראָפן אויפן וועג,
וואָס ציט זיך צווישן בראָנזוויל און קארנאסי און אהיים אים אָפּגעפירט.

אַז מלכה האָט זיך אויסגעוויינט האָט בער געגומען זיך פאַרענטפערן:
ער האָט געפרעגט אַ אינגל צי סע ערגעץ אין דער געגנט דאָ אַ וואַסער־מיל.
דאָס אינגל האָט צום אָנהייב ניט פאַרשטאַנען וואָס ער וויל...
נאָר שפּעטער האָט ער זיך געכאַפּט און אים געהייסן גיין...
דאָס אינגל האָט אָפּנים אים דערקענט... אַ גרינער... און אים אָפּגענאַרט
— אַ מצוה! — ברומט אלקנה — מ'דאַרף ניט זיין קיין פערד. געמעגט אליין פאַרשטיין!
בײַ טשארלין האָבן זיך די לעפצן, ווי אַ טויער ברייט געעפנט, אויפגעמאַכט.
דערזענדיק אָבער בערס פאַרשעמט און נאַריש פּנים האָבן זיך בײַ אים
די שטשאָקעס נאָכגעלאָזט, די מאָרדע אויסגעגלייכט, און לאַכן האָט ער ניט געלאַכט.

# באַם פרעמדן טיש

פרייטיק, שפּעט נאָך האַלבן טאָג
האָט טשאַרלי אָפּגעפּאַרטיקט זיך און אַ פאַרשוויסיקטער אין שטוב אַריין.
דער דיל, אַ נאַר וואָס אָפּגעוואַשענער, געלעגן איז
אין פּליאַמעס, דאָ און דאָרט, נאָך נאַסלעך אויסגעפּלעקט.
דער טיש, אין מיט פון עס־שטוב, ווייס און שבתדיק געדעקט,
און גאָסיס זיבן לייכטער, אין אַ שורה, שעמערירן אינעם רויטן אָוונט־שיין
צוויי גרויסע חלות, צוגעניטעט, אונטער אַ געשטריקטן סערוועט אויסגעשטרעקט,
בנעימות שמייכלען אין דער בלענדנדיקער ווייסקייט פון דעם שבתדיקן טיש.
פון אויוון שמעקט אפיר געבראָטנס, מערן־צימעס און געפילטע, פעפּערדיקע פיש.

יוכבד, אָנגעטאָן אין שבתדיקן קלייד, אַ לייכט פאַרפּאַליעטע פון קיך,
באַם טיש, באַוואָרנט אין די לייכטער אירע, — דריי סטרינגאַווע שבתדיקע ליכט.
אלקנה, אין אַ ווינקל, אַרבעט שמיידיק מיטן בערשטל אויף די אויסגעקרומטע שיך.
און בער, באַם „סינק", איז שטאַרק פאַרנומען מיטן שניידן זיך
די שוואַרץ־פאַרפּאַפּטע נעגל פון די גרויסע, שוואַר־צערעפּעטע צוויי הענט.
דער אָוונט לאָזט דערווייל זיך נידעריקער צו דער ערד אַראָפּ
און מאַטע שאָטנס קלייבן דורך די ברייטע פענצטער זיך אין שטוב אַריין
און שטעלן ציטערדיק זיך אויס אַרום די ערב־שבתדיקע ווענט.

די בענטש־ליכט, גאָסיס, גייען אויף אינאיינעם מיט אַ שטילן, פרומען שעפּטשעריי.
אַנטקעגן גאָסיס זיבן ליכט, — פאַרשעמטע פלעמלען זיך יוכבדס דריי:
דער ערשטער שבת־קודש זייערער, אין גלות, אויף אַ פרעמדן טיש;
באַם זייט פון פרעמדער חלה, אומבאַקאַנטע בענטש־ליכט, צווישן פרעמדע ווענט...
דערפאַר איז אָבער זיי ניט פרעמד יוכבדס הייסע טרערן, וועלכע טריפן שטיל
פון צווישן אירע אויפגעקלעמטע פינגער, איבער אירע ציטערדיקע הענט.

אַ היפּשע צייט האָט טשאַרלי זיך געפּרוזשעט, זיך געזייפט מיט מולינקעס
דעם ברוינעם זשאַווער פונעם דיקן קאַרק, דעם ברוד פון פליעכעוואַטן קאָפּ;
געקראַצט די מאָרדע מיט דער בלויער בריטווע ביז די הויט איז באַלד אַראָפּ.
צום סוף, אַז טשאַרלי האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט האָט די מאָרדע זיינע אויסגעזען,
ווי אַן אָפּגעסמאַליעט חזירל וואָס איז אָט ערשט פון פלאָם אַרויס...
יוכבד האָט דערפילט זיך עפּעס פריקרע. מאָדנע מיאוס... ווי אויסגעפּאַטשט.
אַ שעמעוודיקע האָט זי, ווי אַ גנבטע, אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד: —
קאַלאָמבוסעס מדינה... אידן מ'שטיינס געזאָגט! — אָן פּאות, אָן בערד! — —

אין טראָסטענעצער חברה איז שוין טשאַרלי לאַנג אַ שיינער באַלעבאָס.
האָט ער די „גרינהאָרנס" געגומען היינט אַהין מקבל שבת זיין.
בשעתן דאַוונען פרעגט אלקנה — נחמן דאַוונט גאָר ניט דאָ?

— דיין נחמן — שמייכלט טשארלי — דאַוונט דאָרט, באַ זיי, באַ יענע לייט ...
ער איז אַ פּאָלנער צעצעליסט... עס דרשנט היינט דאָרט באַ דער נאַכט
אַ גרויסער תנא ברא — פּלוימענבוים, אַ קבצניוק מיט אויסגעדרייטע שיך.
אלקנה הייבט ניט אָן פאַרשטיין וואָס נחמן איז און פרעגן שעמט ער זיך.
ער שטייט און דאַוונט אָן אַ טעם און טראַכט. דער עולם כאַפּט אויף גיך:
מע שלינגט די עברי ווי מע וואָלט מיט הייס-צעגליטע קוילן זיך געבריט,
און נאָכן דאַוונען איילט מען זיך, מע לויפט ווי פון אַ שרפה, גאָט באַהיט!

באַם טיש זיצט טשאַרלי אַ צעטראָגענער. דער מוח אַרבעט באַ אים שווער:
— ניט שיין... לפנים כאַטש באַדאַרף מען קידוש מאַכן. אָבער, — ווער?
זאָל ער אַליין, דער באַלעבאָס? — איז האָט ער מורא: שוין פאַרגעסן עברי מן הסתם.
געדאַרפט וואָלט, על פּי שכל, מאַכן קידוש, צווישן זיי — דער עלצטער — בער.
נאָר גיי שטעל איין?... ער קען זיך, חס-ושלום, נאָך ספּאָטיקענען...
קיין למדן, ווייסט ער, איז ער קיינמאָל ניט געווען. וועט ער אים נאָך מביש זיין...
מכבד זיין אלקנהן? — פּאַסט ניט. עפּעס, — ניט אַהין און ניט אַהער.
איז קוקט ער אַ צומישטער אויפן פינקלדיקן קאַראַפין מיט רויטן וויין
און טראַכט: פאַרוואָס ניט גאָר דעם אינגסטן פון די מאַנסבילן, — הירשלען? האַ?! —
צעקלינגט זיך הירשלס קעלכעלע באַם ווייס-געדעקטן, שבתדיקן טיש;
צעמישט זיך מיט די ריחות פון מאכלים שבתדיקע, מיט דער וואַרעמקייט
פון בענטש-ליכט, מיט דעם אַראָמאַט פון פרישע חלה, אויסגעקאָכטן באָב
און זיסן וויין. באַ טשאַרלין פלאַמט אַ באַק. די אויגן — נחתדיק און פייכט:
שוין לאַנג אַזאַ געשמאַקן קידוש ניט געהערט! דער ניגון נעמט אים דורך און דורך!
באַם זייט פון רעכטן עלנבויגן שפּירט ער ווי זיין דזשייקי-„באָם"
מאַכט „פּאָן", ער שטיקט זיך מיט אַ מיאוס געלעכטערל. פאַרבראָט עס אים באַם האַרץ
און ער דערלאַנגט דעם ממזרוק אין סאַמע זייט אַריין אַ שאַרפן שטורך.
דאָס אינגל צעגאַוויאַגעט זיך און גאָסי צינדט זיך אָן פון כעס:
וואָס האָסטו, נעבעך, צו דעם קינד?! דו האָסט ניט וואָס צו טאָן? —
טאָ, — נעם און דראַפּע זיך פאַר נחת אויף די גלייכע ווענט!
ווען דו וואָלסט אים געשיקט אין חדר וואָלט ער אויך געקענט!

יוכבדס האַרץ קוועלט אָן. אלקנה שמייכלט זיך אין באָרד אַריין.
באַ בערן וואָלקנט זיך דאָס פּנים. אים איז אומעטיק באַ טשאַרלים טיש.
זיין עלקע איז ניטאָ... איז ווייט פון אים... עס גייט אים גאָרניט איין

די גראָבע גאָסי, אַ דערצערנטע, דערלאַנגט צום טיש. יוכבד העלפט איר צו.
באַ טשאַרלין אַרבעטן די אַנגלן און די שלייפן צוקן נאָכאַנאַנד.
מנשה שטיקט זיך פון געלעכטער: טשאַרלי האָט געטאָן אַ כאַפּ אַריין
אַ היים שטיק פיש-קאַרטאָפלע... זיך דערמיט אַ היפּשע צייט געשטיקט,
געבאָברעט זיך, געראַנגלט און צום סוף זיך טאַקע אָפּגעבריט.
באַ גאָסין פלאַמט דאָס פּנים אַזש: אַ וויסטע חרפה, ווי דאָס פרעסט!
מע קען, חלילה, מיינען אַז ער פּאַסט באַ איר, זי זשאַלעוועט אים, גאָט באַהיט!

# איינפּלאַנצעניש

אַמאָל, בעת חדוה, רופֿט זיך טשאַרלי אָפּ: — וואָס זאָגסטו, בער,
וואָלסט זיין אַ בעלן אַרבעטן בײַ מיר אין „יאַרד”, באַם „דזשאַנק”?
קריגסט עסן, טרינקען, אַ קוואַרטיר; צוויי דאָלאַר פֿאַר דער וואָך...
— קיין וועש וועט אויך ניט קאָסטן דיר — לייגט גאָסי צו — וואָס נאָך?
— דאָס אַלץ וואָס אים וועט פֿעלן איז אַ ווײַב! — צעלאַכט זיך טשאַרלי אויף אַ קול.

— די „באָיעס” — עצהט טשאַרלי — דאַרף מען שיקן פּעדלען פּרוכט אין גאַס.
אַ פֿערד און וואָגן, — קריגט מען. דאָס איז שוין די קלענסטע זאַך.
און געלט אויף וואַרע? — בלאָטע! אַז מע דאַרף גאָר ניט קיין סך!...
און מלכּה? — ווערט שוין טשאַרלי לויטער גנאָד —
וועט העלפֿן גאָסין דאָרט צעביסעלעך אין שטוב, אין קיך...
און וועט, אם ירצה השם, פֿאַרדינען וואָס זי דאַרף אויף זיך...

אלקנה הויבט זיך אויף פֿאַרטאָג און לאָזט זיך אין דער וועלט אַרײַן.
־מעט אין אַלע שעפּער שוין געוועזן: ניטאָ... מע דאַרף ניט... „סלעק”!
פֿון אַלע פֿאַכן איז אים מער צום האַרצן – פּרעסערײַ.
אַ ניי־מאַשין, — איז אַ געשעפֿט פֿאַר ווײַבער — קיי און שפּײַ!
אַ פּרעסל, — איז אַן ענין. וועגט אַזעלכע פּערצן, זעכצן פֿונט!
אוודאי איז דאָס ניט קיין מיל־שטיין... אָבער? — — — פֿאָרט! — — — —

·וכבד זוכט אַ דירה. גאָסי אַמפּערט זיך מיט איר. זי שלאָגט איר אָפּ:
— וואָס איילסטו זיך אַזוי?! כ'האָב ווינציק „רומס” אין הויז?
און עסן, מ'שטיינס געזאָגט! מע קאָכט דאָך סיי ווי סיי, —
דער אויוון ברענט, איז, — וואַרפֿט מען נאָך אַרײַן אַ ביין אין טאָפּ!
יוכבד אָבער וויל ניט הערן: שוין גענוג. ביז וואַנען ליגט מען יענעם אויפֿן קאָפּ?!

אויף פּיטקינס אין די הילצערנע „קאַזאַרמעס” האָט יוכבד אָפּגעזוכט
אַ „בייסמענט”, זיבן אייל אין דער אדמה, פֿינצטערלעך, נאָר, — גרוים!
דאָס פֿינצטערניש איז גראָד אַ מעלה, דרינגט אלקנה. ווערטלט זיך:
— אַ פּראָסטער שׂכל: — זעט מען כאָטש דעם דלות ניט אַזוי אַרוים!

מיט מעבל האָט זיי טשאַרלי ווי ניט איז פֿאַרזאָרגט:
אַ טיש, אַ בעט, דריי ביינקלעך און אַ — שטרוי־געפֿלאָכטענעם „ראָקינגטשער”.
געשיר האָט גאָסי זיי דערווײַלע אויסגעבאָרגט.

יוכבד האָט דעם אויוון אָנגעצונדן און אַ טעפּל צוגעשטעלט.
אלקנה טאַפּט די ווענט: אַביסל פֿייכטלעך... ציט מיט קעלט.

נאָר הירשלען, — אַרט עס ווי די וואַנט: אַ שפּאַס!
פון פּאַרנט, פאַרן הויז — אַ דרויסן און אַ הימעל און אַ זון!
און הינטערן שטוב — אַ „יאַרד” מיט סטאָלבעס, ברעטער, שטריק —
מע קען דאָ מאַכן הוידעלעס פאַר אַלע קינדער פון דער גאַס!

הירשל שפּילט שוין „באָל"
„מאַרבּלס", „הוקי", „הופּ":
מעלה גרהט „גאָם"
זינגט שוין „האָם סוויט האָם",
„יענקי דודל" און „אַמעריקאַ"

הירשל איז אַ „באָי".
גייט אין „פּאַבּליק־סקול",
זיצט אין קלענסטן קלאַס.
קינדער מאַכן שפּאַס...
הירשל שווייגט און וואַרט...

איז דער גרעסטער „באָי"
אינעם קלענצטן קלאַס — —
קומען וועט אַ צייט:
— עי, הו וואָנטס טו פייט?!
קומען וועט אַ צייט!

הירשל לערנט גוט.
קען שוין לייענען באַלד.
— „גריני" איז „אָל רייט"!
— „גריני", וואָנע פייט?
„גריני" פוילט זיך ניט.

„גריני" האָט אַ בייל,
אַ געשוואָלן אויג...
„גריני" וויל און טויג.
"גריני„ איז ניט פויל...
קען און לערנט וואויל,
לערנט זיך מיט פליים.

הירשל שפּילט אין „באָל",
„מאַרבּלס", „הוקי", „הופּ".
האָט אַ שוואַרצע אויג,

אויפן קאָפּ אַ בייל;
מעלה גרהט „גאָם".
טאַטע־מאַמע זאָרגט: —
הירשל וואַקסט אַ „באָם"!

הירשל איז — אַ „באָי"!
און — דאַרף זיין אזוי!
אָט אזוי, —
איז
אַ "באָי"!

# אלקנה קריגט אַ דזשאָב ·

פּאָר קנאַפּע פיר חדשים איז אלקנה ס'ערשטע מאָל געשלאָפן אין אַן „אייגן" בעט.
ער האָט זיך צום גלעגער נאָך ניט צוגעוואוינט...
ארומגעוואָלגערט זיך אַ היפּשע צייט און איינגעשלאָפן שפּעט.
פּארפרי, נאָך איידער ס'האָט גענומען זיך שאַריען אויף טאָג,
האָט ער זיך פון גלעגער, ווי אַן אָפּגעבריטער, פלינק אַראָפּגעכאַפּט;
זיך אָנגעטאָן, ארומגעוואַשן און אויף גיך דאָס דאַוונען אָפּגעקלאַפּט...
אריינגערוקט אַ דאַר שטיק ברויט אין קעשענע און איז ארויס אין גאַס.
באַם ראַנד פון מזרח האָט דער טאָג מיט ווייסן ליכט געטאָן אַ שפּריץ,
די הייזער, האַלב אין שאָטן, אָטעמען מיט קילקייט פון דער נאַכט.
פון ברוק, פון טונקל־גרויען אַספאַלט, נאָך פון נאַכט־טוי נאַס, —
גייט אויף אַ לייכטע, מאַטלעך־בלויע פּאַרע און פאַרקינדיגט, אַז
עס רוקט זיך אויף דער שטאָט ארויף אַ שווערע, שטיקנדיקע היץ.

אלקנה שפּאַנט מיט זיכערע און פעסטע טריט. ער ווייסט וואוהין ער גייט:
קיין איסט־נויאָרק, צום רויטן ציגל־מויער, זעקס עטאַזשן הויך.
די לעצטע וואָך האָט ער זיך גאַנצע טעג ארום די מויער־ווענט גערדרייט;
געהערט דעם רויש פון ניי־מאַשינען און דאָס טעמפּע בראַזגעריי
פון שווערע פּרעסלעך אייזערנע אַדורך די דיקע ציגל־ווענט;
געזען, באַ פענצטער אָפענע, ווי ווייסע אַרבל פלאַטערן אין העלן ליכט;
ווי בליציק־בלאַנקע נאָדלען איינגעשפּאַנט אין לאַנגע ווייסע פעדעמער,
זיך פלאָנטערן, צאַפּלדיק, אין פלינקע, בריהשדיקע הענט...
האָט וויפיל מאָל געוואָלט אריינגיין בעטן אַרבעט און, — האָט ניט געקענט!

נאָר היינט האָט ער באַ זיך געפּועלט: — ער וועט אויף זיכער גיין.
מע וועט דאָך, חס־ושלום, אים קיין פּאַטש ניט געבען פאַרדערפאַר?!
דאָס ערגסטע וואָס עס קען זיך טרעפן, איז, — מע זאָל אים זאָגן — ניין!
אלקנה זעט שוין פונדערווייטנס, ווי דער רויטער טויער פלאַמט אונטער דער זון;
ווי אלע פענצטער גליען... טויזנט שויבן אפשר אין די זעקס עטאַזש!
ער הייבט אָן שפּאַנען שמיידיק: — איבערקומען און אַ סוף, אַנ'עק!
— זע שטאַרק זיך — טענהט ער מיט זיך אליין — זע, מאַך זיך האַרץ, קוראַזש!...
ער שטייט הינטער אַ צוגעמאַכטער ברייטער, שווערער טיר
און האַלט דעם גרויסן שלאָס־קנאָפּ אין דער האַנט און וואַרט:
ער ישובט זיך: מע זאָגט, לויפט דורך אים אַ געדאַנק,
אַז אין די גרויסע שעפער שטיין די טירן, בעת דער אַרבעט, צוגעשפּאַרט...
דאָך פּרובט ער. טוט אַ שטופּ. די טיר דערלאַנגט אַ קרעכץ
און עפנט זיך. אלקנה קוקט זיך אַ צעטומעלטער ארום און גנבט זיך אריין
ווי איינער וואָס באַזוכט צום ערשטן מאָל אין לעבן אַ בית־זונות, גאָט באַהיט.

אַנטקעגן זעט ער אויף אַ גרויער אויסגעשמירטער וואַנט,
מיט שוואַרצער פאַרב, אַן אויסגעמאָלטע גרויסע מוראַדיקע האַנט,
וואָס טייטלט מיט אַ שטרענגן פינגער, ווייזט וואוהין צו גיין...
אלקנה פאָלגט: אַ ברייטע טיר אַ גלעזערנע. אַ רגע בלייבט ער שטיין:
אויף יענעם זייט פון טיר, באַמערקט ער זיצט אַ בלאָנדע מויד.
זי מעלה גרהט פויל און שלאַבערדיק און צייכנט אין אַ גרויסן בוך.
דאָס האַרץ זיינס, דאַכט זיך אים, האָט מיטאַמאָל זיך אָפּגעשטעלט.
ער קען אפילו הערן ווי די בלאָנדע מעלה גרהט, ווי די פעדער קריצט...
ער קען שוין אָבער ניט חרטה האָבן איצט, פאַרפאַלן שוין... צו שפּעט!
ער עפנט אויף די טיר פּאַמעלעכל און רוקט זיך ווי אַ שאָטן שטילערהייד אַריין.
אַ היפּשע ווײַלע שטייט ער באַ דער טיר, ווי אַ פאַרפרוירענער, — פאַרלוירן, שטום.
די בלאָנדע מעלה גרהט, שקראַבעט מיט דער פען און קוקט אפילו זיך ניט אום.
אלקנה שטעלט דאָס לעבן איין. ער טוט אַ שוואַכן הוסט: — ה־ם־ם־ם, ה־ם־ם־ם־ם!
און מאַכט דערביי אַ וויסט רחמנות־פּנים, טוט אַ מורקע: — ב־אַ־ם־ם־ם!?
די בלאָנדע כאַפּט זיך אויף, צעשמייכלט זיך און טוט אַ דריק אַ קנעפּל לעבן טיש.
אַלס ענטפער יאָוועט זיך אַ רויטער בחור מיט אַ בוראַטשקאָווער, פרישטשעוואַטער נאָז,
פונפאַרנט מיט אַ שוואַרץ ציראַטן פאַרטוכל, דער קאַמעזויל מיט נאָדל־פאָדעם אויסגעשטעפּט
דערזעענדיק אלקנהן, — שרייט ער זיך פאַנאַנדער אויף אַ מאָדנעם לשון — אַ געמיש
פון אידיש, ענגליש, רוסיש, דייטש: פונוואַנען ווייסט ער אַז מע דאַרף?!
איז דאָ אַ שילד אין דרויסן באַ דער טיר? האָט עמעצער געשיקט נאָך אים?!
— אַפּנים ניט געטראָפן, —קלערט אלקנה אַ צעטומלטער: — שטעל פּיס,
נעם טראָג זיך אָפּ באַצייטנס, — איידער נאָך דו כאַפּסט אַ פּאַטש!
אויף דעם געשריי, וואַקסט אויס פון אונטער דרערד אַ דזשענטעלמאַן.
אַן אויסגעפּוצטער, מיט אַ גלאַטן, גלאַנצענדיקן קאָפּ! — וואָס איז דאָ, וואָס?!
דעם רויטן נעמט דאָס לשון אָפּ, בויגט איין דעם קאָפּ און טריקנט אויס.
— דער „דזשענטעלמאַן" — באַשליסט אלקנה — איז דער סאַמע ראָדנער באַלעבאָס!
איז, שטרעקט ער אויס צו אים די האַריקע, צערעפּעטע צוויי הענט, ווי איינער רעדט:
איר זענט אַ מבין כאַטש אויף אָט אָ־די ידים, האַ? איר זעט, איר זעט!
דער „דזשענטעלמאַן" באַטראַכט אלקנהן, מעסט אים אָפּ פון קאָפּ ביז פּיס: —
אַ פּלייצע, מוסקלען, הענט, אַ קאַרק, רגלים צוויי! — —
— וואָס ווילט איר? — פרעגט דער „דזשענטעלמאַן" — און שמייכלט, דאַכט זיך אים.
— אַ פּרעסער — ענטפערט אים אלקנה מיט אַ קול ווי פון אַ חולה, קוים מע הערט.
— קומט מאָרגן אינדערפרי. אלקנה וויל אים דאַנקען, פאַלן צו די פּיס, —
נאָר ס'האַרץ איז אים פאַרחלשט און די קניעס ציען אים צו דרערד...

אויף מיטאָג איז אלקנה שוין געווען באַ זיך אין דרהיים.
יוכבד קוקט אים עפּעס אָן מיט חשד... זי וואונדערט זיך:
ווי קומט ער איצט, אינמיטן טאָג, אהיים?... חלילה קראַנק, צי וואָס?!
אלקנה זעצט זיך שמייכלנדיק אַוועק און הייבט אָן אויסצוטון די שיך: —

— אַ היץ! עס פּאַרעט אַקוראַט ווי אין אַ באָד! — צעפּיעסטשעט ער זיך פאַרן ווייב.
— די זאָכן דיינע זאָגן טאַקע עדות — איז יוכבד מסכים מיט איר מאַן.
— זיי מוחל, עפן אויף די פענצטער... שאַט ניט אַז אפילו אויך די טיר...
אלקנה מאַכט אַ שטרייענגע מינע, קלאַמפּערשטן, און טוט אַ ברום: — „ש־אַ־ר־אַ־פּ"!
דו ווייסט כאָטש אַז דו רעדסט צום פּרעסער פונעם גלאָוונע, גרעסטן שאַפּ?!
יוכבד קוקט אים אָן מיט חשד: — געריררט פון זינען... פון דער היץ!?
אלקנה לאָזט אַביסל נאָך דעם שטרענגן סטרוי, צעשמייכלט זיך און זאָגט:
— יוכבד, ברודערקע! איך האָב דיר וואָס צו זאָגן. זיץ!
אלקנה רעדט... ער רעדט זיך פונעם האַרץ אַראָפּ. דערמאַנט זיך אַלץ,
וואָס ער האָט אין די לעצטע עטלעכע חדשים דורכגעמאַכט: — יוכבד, הער, הער!
יוכבד, — ביידע הענט אין פאָדעלעק, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, — הערט און לאָזט אַ טרער...

# אַ בריוו פון דרהיים

בן ציון דער טויבער שרייבט:
אין דאָרף איז שלעכט. נאַטשאַלסטוואָ טרייבט...
דערצו איז היינטיקס יאָר ניט געראָטן נאָך דאָס ברויט.
„כודאָבאַ״ פּגרט און דער גוי איז אָרעם ווי דער טויט!
און וועלוועל טאַטקעס מיל האָט פּלוצלינג אָפּגעברענט.
פון גאַנצן בנין איז געבליבן נאָר דער פונדאַמענט.
נאַטשאַלסטוואָ טשעפּעט זיך צו אים. איז חושד פּראָסט!
פאַרמאָג איך עס וואָס דאָס האָט אים שוין אָפּגעקאָסט.
די מומע דבורה קריגט שוין מער ניט קיין פּאַטענט...
אוים קרעמעל. זיצט זי אינדערהיים מיט אויפגעלייגטע הענט
און הערט ווי פעטער שעפּסל רייבט דעם תהילים גאַנצע טעג...
זי וואָלט געפאָרן... האָט זי מורא, אויף דער עלטער, פאַרן וועג...
די מאַמע קלאָגט אַלץ נאָכן טאַטן. בענקט נאָך איך און וויינט.
איך האָב איר אייער בריוו שוין אפשר צוואַנציק מאָל געלייענט.
פון עלקען הערט מען ניט... עס גייט אַרום אַ מיאוסער סלוך: —
איר טאַטעלע, דער ליוועראַנט, — זיצט ווידער אין קאַטוך...
דער רויטער שימציע, — איז פון דאָרף מיט פּראָקאָפּס ווייב אוועק.
אין טעפּלעק האָט מען לעצטע וואָך, בשעת יאריד, געהאַט אַן איבערשרעק:
קאַצאַפּעס האָבן זיך צעיושעט און געמאַכט אַ שטיקעלע פּאָגראָם, —
געבראָכן פענצטער און צעראַבעוועט אביגדור פערטשיקס קראָם.
דעם גלחס זינדל, סאַשקען, האָט מען קיין סיביר פאַרשיקט:
געשאָסן אויפן גובערנאַטער, נאָר, — ס'האָט אים ניט אָפּגעגליקט...
מע לויפט. עס פאָרט אַ האַלבע וועלט... סיי אָרעם און סיי רייך.
בקרוב וועט דאָס גאַנצע טעפּלעק זיין, אם ירצה ׳שם, באַ אייך...
בקיצור — סע ניט פריילעך אויף דער שיינער וועלט...
בכן: פאַרגעסט ניט אין דער מאַמען... שיקט אַמאָל אַביסל געלט.
און אויך, למען השם, פאַרגעסט ניט שיקן אַלעמענס פּאָרטרעט.
די מאַמע וויל איך זען... עס קען, חלילה, זיין צו שפּעט...
ממני בן ציון.

דעם בריוו האָט הירשל אויף אַ קעלכעלע געלייענט.
די מאַנסבילן האָבן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ געהערט, —
יוכבד, באַ דער נאָז דעם פאַרטוך, האָט געשמאַק געוויינט.

# דער מלאך הגואל

דער בריוו פון דרהיים האָט בערן ניט געלאָזן שלאָפן באַדערנאַכט: —
געלעגן גאַנצע נעכט, געראַנגלט מיט נאַכאַנאַנד, געזיפצט, געשפּיגן און געטראַכט:
— פון עלקען הערט מען ניט, דערציילט אין בריוו בן ציון.
און ער אַליין האָט אויך שוין ניט געהערט פון איר אַ היפּשע צייט.
און דאָ איז זי פון אים אַזאַ מהלך! ווייט, סכנות ווייט, סכנות ווייט!...

אין „דזשאַנק־יאַרד" אַרבעט בער, האָט טשאַרלי שוין באַמערקט,
אָן חשק, ניט ווי פריער. כסדר וואָרטשעט ער, איז אויפגערודערט, בייז.
— ווי גיך דאָס גרינט זיך אויס! — טראַכט טשאַרלי — וויל געוויס אַ „רייז"...
ער איז אַפילו ווערט. ער אַרבעט אים געטריי. דאָס האָרעוועט ווי אַ פערד!
מע דאַרף אַ טאָפּ טאָן ווי עס האַלט... איז נאָך אַ טולער... מילאַ, — וואָס? ! —
באַ וועטשערע האָט טשאַרלי זיך געהייסן ברענגען פון „סאַלון"
אַ קאַלטן „פּיטשער" ביר. צום אַלעם ערשטן אָנגעמאָסטן בערן אַ נישקאָשעדיקע גלאָז,
אַ פולע מיט אַ ווייסן ווערך. דערנאָך האָט ער אַ נעם געטאָן דעם „פּיינט"
אַ צוויי דריי מאָל אַ שווינק געטאָן, דערלאַנגט אַ שפּאַר צום מויל,
דעם קאָפּ פאַרוואָרפן און ניט אָפּגעשטעלט זיך ביז ער האָט דערזען דעם דנאָ.
אַז ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, אָפּגעווישט דעם פּיסק, —
האָט ער זיך סתם אַזוי פאַרפירט אַ שמועס: — עס איז ניט דאָס, „יו נאָו"? —
געשעפטן זיינען לעצטנס שלעכט... ניין אייל אין דרערד!
באַ בערן רייסט זיך אָפּ אין האַרץ: — איך מעג שוין זאָגן אַ רבנן קדיש נאָכן „דזשאָב".
עס פעלט מיר טאַקע איצט ניט מער!... נאָר טשאַרלי איז דאָ גאָרניט חושד און
ער פירט זיין שמועס: — איך ווייס, ביזט ווערט. דו אַרבעסט מיר געטריי...
איך טאָר אַפילו ניט... נאָר, — גאָרניט... ז'נאָך אַ טולער. מילאַ, — וואָס? —
— אוודאי ווייס איך. כ'זע ניט — טענהט שוין, אָן אויפגעריכטער, בער.
נאָר, — סע ניט דאָס, פאַרשטייסט, — מיין עלקע איז אין דרהיים...
איך וואָלט נאָך איר געשיקט. נאָר, — גיי! מיט וואָס? נישטאָ!...
באַ טשאַרלין קנייטשט דער שטערן זיך: — סע גוט אין דרערד!
דאָך נעמט ער אָן אַ מינע פון אַן אמתן בעל רחמים און ער זאָגט:
— סע, מאָל דיר, — בלאָטע! געלט, — מיר אויך אַ זאַך!
אַ שיפסקאַרט קריגט מען גרינג אויף אויסצעצאָלן. צאָלט מען אויס!
און אויף הוצאות, מזומנים — וועט מען זיך אַן עצה געבן שוין...
באַ בערן לייכט דאָס פּנים אויף. די אויגן ווערן קיילעכדיק און גרויס:
— דו מיינסט עס טאַקע, כייקל, האַ? איך וועל דאָס גאַנצע לעבן טראָגן דיר — —
— דאָס העמד אין באָד אריין — שלאָגט איבער טשאַרלי און צעלאַכט זיך אויף אַ קול.

אויף מאָרגן האָט שוין בער געאַרבעט ווי אַ ביבער פון פאַרטאָג ביז שפּעט:
— די בנים מיינע זאָלן נאָר ניט זיין קיין הינט — טראַכט בער —

און געבן וויפיל סע ניט איז צעשטייער... העלפן אין א נויט...
נאָר מאַך ? ! ... אוורעמקע גייט שוין אום מיט מיידלאך און מנשה — נאָך !
און ער ? — וואָס קען ער טאָן מיט פיר פארדריפּעטע שמאַליארטשיקעס א וואָך ?

באם טיש, בעת וועטשערע, פארטשעפּעט בער די בחורים.
ער וויל אן עצה האלטן זיך מיט זיי : סע זיי נוגע פּונקט ווי אים.
ווי קומט מען אָבער צו צום סאַמע שפּיץ ? ווי הייבט מען אָן ?
מע דארף זיי אונטערליינגן, ווי מען זאָגט, אן אייעלע... פּארמאַנטעוועז.
עס פאַלט אים איין א גליקלעכער געדאנק : די יונגען, ווייסט ער, האָבן ליב
צו גיין אין „מוזיק־האָל". איז, גיט ער זיך א הוסטעלע און מאכט :
כ'וואָלט זיין א בעלן אויף א „שאָו". פארגעסן זיך א קאַפּ... „יו נאָו" ? — —
די יונגען קוקן אויפן אַלטן. שמייכלען תמעוואטע. בער ווערט רויט און — לאַכט.

אין זאַל איז היים. די לופט איז שווער, געדיכט, כאָטש מיט א מעסער שניידט...
די מוזיק רומפּלט און די קעלנער לויפן מיט די טאצן ביר.
אנטקעגן אויף דער בינע טאנצט א זשוואווע בחורל אזא מין חולי־נופלים־טאַנץ.
ניט ווייט פון בערן זיצט א דיקע מויד מיט נאַקעטע ידים און
א בוזעם, ווי א לויזע ראָשטשענע און סמאָצקעט א מאראַנץ.
אוורעמקע קען דאָ אַלעמען. מיט יעדערן באזונדער אויסגעקניפּט...
איז, טוט ער זיך צו איר א נויג, א שמייכל און א פּינטל מיטן אויג...
דאָס טאַנצנדיקע בחורל ווערט מיד, —
באווייזט זיך אויף דער בינע, פון א פליגל בא דער זייט,
א רויטע מויד, כמעט א נאַקעטע, מיט שווערע, קלעצלדיקע פּיס
און לאָזט זיך צאַפּלדיק אוועק אין א פארשייטן „הוטשי־קוטשי" טאַנץ.
בא בערן פלאַמט דאָס פּנים אזש : קען שווערן אז די מויד איז אויף דער צייט...
אוורעמקע און מנשה ווינקען איינס צום אַנדערן און שמייכלען מיאוס...

דער קעלנער ברענגט צום טיש, צום פערטן מאָל, דריי גלעזער ביר,
מיט ווייסע קוטשמעס שוים און רוימט אוורעמקען איין א סוד...
ער גיט דערביי א וואונק און לאָזט זיך מיט א גליטש אוועק, פארשווינדט.
די רויטע פלוסטערדיקע מויד, פון טאַנץ צעקושמעט, אָטעמט אָפּ
און הייבט אָן זינגען — דוקא מיט א קול, וואָס פּאסט זיך פאר א קינד.

„אז א מיידל וויל זיין שיין,
ברויך זי זיבן זאכן.
דאָס האָב איך אליין געזען,
ווי זי טוט עס מאכן.

רוזש און פּוידער, אַ קאָרסעט,
אַ גזשיבע און אַ פאַלשע צעפּל;
צוויי קישעלעך אונטערגעלייגט,
רונדיק ווי די עפּל..."

דער עולם פּאַטשט און סוויסטשעט, טופּעט מיט די פיס אָן דיל.
דער זאַל גייט כּאַדראַם. די מויד לאָזט לאַנג ניט בעטן זיך
און הייבט אָן אויף אַ גוואַציעדיקן קול אַן ענגליש ליד:

„פּליז, מיסטער, טייק מי אין יור קאר,
איי וואָנט טו סי מאַמאַ.
טהיי סיי שי ליווס אין העווען.
איז איט וועררי, וועררי פאַר?
מאי ניו מאַמאַ איז וועררי קראָס,
ענד סקאָלדס מי עוורי דעי.
איי געס שי דאָז נאָט לאָוו מי,
פאָר, א'ם אָלוויס אין טהע וויי" — —

באַ בערן דרייט זיך שוין דער קאָפּ: פיר גלעזער ביר. דער רעש. די היץ.
די בנים זיינע זעט ער שוין ווי אין טומאַן, אין פאַרע איינגעהילט.
— ס'איז היים! — באַקלאָגט ער זיך — אַ מבין ווי איך שוויץ?!
ווי רעדט מען איצט צו זיי? מע קען זיך דען פאַרלאָזן אויפן צונג?
ער עפנט אויף דאָס מויל. וויל פּרובן עפּעס זאָגן און דערפילט
אַ זשומען אין די אויערן און עפּעס ווי אַ זשאַבקעלע קאַראַבקעט אים אין שלונג...
דאָס מיידל זינגט. דער עולם פּאַטשט. די מוזיק שפּילט.

# אַ שמחהלע

יוכבד האָט היינט געסט. אַ שמחהלע געמאַכט:
אלקנה האָט די ערשטע „פּיידע" היינט אַהיים געבראַכט.
די קאַרטענס זיינען דאָ, און בער מיט זיינע קינדער; נחמן מיטן ווייב,
און לאַנדסליט, גוטע פריינט פון בראָנזוויל און פון שטאָט.
אוורעמל און מנשה האָבן פרעמדע מיידלעך צוויי מיט זיך געבראַכט.

דער לאָמפּ ברענט יום טובדיק. דער טיש, אינמיטן שטוב, אַ ווייסער צוגעדעקט.
עס שטייט אויף אים אַ היפּשלעכער פּולימעסיק מיט הערינג און מיט ציבעלקעס;
אַ שיסל אָפּגעזאָטענע קאַרטאָפלעס, אין די פעלצלעך, פאַרען פייכט און הייס,
אַ פרישער האָניק־טאָרט, פון אויוון ערשט, מיט אַ געשמאַקער זיסקייט שמעקט,
אַ צוגעברוינטע בולקע, אַ געפלאָכטענע, אָט, — ממש ווי אַ קאַלב די גרויס;
אַ קליאַש מיט פרוכטן אַלערליי; צוקערקעס, „פענציקרעקערס", ראָזשינקעס און ניס.
יוכבד אין אַ נייער פלאַטיע, אין די אוירינגלעך, די פערל אויפן האַלז.
אלקנה, אין אַ „בעקסטער־סטריטער" אָנצוג; רונד די באָרד, צום ערשטן מאָל, ארומגעשניצט.
ער פילט זיך עפּעס פריקרע... שעמט זיך, ווי אַ פרום רבניש מיידעלע...
דער עולם טומלט זיך און טשאַרלי שרייט: אַביסל בראָנפן?!... וואו פאַראַן?!
— האָט נאָך אפילו ניט אַ שמעק געטאָן פון גלעזל — פייערט גאָסי אויף איר מאַן —
און ס'גייט שוין ווי אויף שרויפן אים דער טרפער פיסק!
— לחיים היידעמאַקעס! — פּילדערט טשאַרלי, האַלטנדיק אַ פלאַש אין האַנט.
— לחיים בער! אם ירצה השם, באַ דיר, — אינגיכן אויף אַ ברית!
יוכבד־סערדצע! ריר זיך, נו, שוין צייט צו טאָן אַ ביס!

אין טומעל קאַכט זיך נחמן, טענהט, כעסט זיך אויף אַ קול:
באַ אים אין שאַפּ האָט אויסגעבראָכן, אָנהויב וואָך, אַ סטרייק:
— די „יוניע" וועט אים ווייזן, דעם וואַמפּיר, דעם „סקאַבער", — דעם פּאַסקודנעם „קייק"!
זיי סטראַשען אונז מיט אַ „לאַקאַוט", — איז, רופן מיר אַ „דזשענעראַל סטרייק"! — — —
אַרונטערנעמען אַלע שעפער אינעם „טרייד", דעם גאַנצן שניידער־פאַך!
אלקנה קען ניט משיג זיין... ניט אַלץ, וואָס נחמן זאָגט, — פאַרשטיין.
נאָר פילן פילט ער אַז עס סמאַליעט זיך... עס טליעט זיך, עס — ברענט!...
אַ שרפה, חס ושלום, רייסט זיך, שפּרייט זיך אויף דער וועלט,
און וועט, חלילה, נאָך פאַרכאַפּן אויך באַ אים אַ ווינקל פונעם דאַך...
— וואָס וויל דער נחמן דאָ? — פאַרשטערן אים די שמחה, גאָט באַהיט?!
יוכבד בעט זיך: נחמן, גזלן! זאָל שוין זיין אַביסל שאַ!
מיין הירשל, העניי הייסט עס, האָט פון סקול געבראַכט אַ „פּיס"...
זי נעמט אים קוים מיט צרות איין און הירשל הייבט מיט מזל אָן
דער עולם גאַפט און טשאַרלי זאָגט מבינות — אַ חריפות! צוקער זיס!

אין ווינקל, אַ דערשלאָגענער, זיצט בער און קוקט אויף מלכהלען.
זי דרימעלט־אונטער :  נעבעך מיד... די הענטלעך אירע אינעם פאָדעלעק,
פון גאָסים קיך, צעבריט, צעפּאַלן, אָנגעדראָלן און צעברענט!
דאָס פּנים, — אויסגעמאָרעט, אָפּגעצערט, ארום די אויגן — שוואַרץ...
ער קוקט אויף איר און ס'וויינט אין אים דאָס הונגעריקע האַרץ:
— וואָלט אויך געמעגט, ווי הירשל, גיין אין סקול.  וואָלט אויך געקענט...
זי האָט דאָך, קיין עין הרע ניט, אַ קאָפּ, איז, — עקט זיך עס אַ וועלט!
ער וואָלט איר צוגענומען פון דער גראָבערס קיך :  זיך איינגעשטעלט! — —
איז, — האָט ער מורא פארן „דזשאב", פאר עלקעס קומען דאָ, אם ירצה השם...
אים ציט צום קינד... ער זעצט זיך איבער, נאָענט לעבן איר, און לייגט אַוועק
אויף אירע שמאָלע פּלייצקעלעך זיין גרויסע, שווערע, אויסגעהאָרעוועטע האַנט:
— איז, נעבעך, אויסגעדיייווערט!  אויסגעמארכעוועט... בלויז הויט און ביין!
איר באַק, דערפילט ער, גליט אויף זיין צעליאפּעטער, פארהאָרעוועטער האַנט.
אַ ציטער נעמט אים דורך און ס'כאַפּט אים אָן אַ אינערלעך געוויין.
און הירשל, אַ צעפלאַמטער, זאָגט נאָך אלץ.  און נחמן — ערגערט זיך:
פּאַטריאָטיזם!
קאַפּיטאַליזם!!
שאָוויניזם!!!
פּ־ע־ע־ע־ע!

אָט שוין וועט ער זיי זינגען דוד עדעלשטאַטס אַ ליד:
„אָ, גוטע פריינט ווען איך וועל שט־א־א־א־רבן" — — —
— וואָס איז דאָ? — שלאָגט אים, טשארלי איבער — אַ לויה, גאָט באַהיט?!
— „דאַטס רייט"! — שטייט צו אוורעמקע — „דזשענטעלמען ענד לײדיס, פּליז, שאַראַפּ"!
העי, דזשעני!  זינג זיי נאר דאָס לידל „האָני, שייק יור פיט"!
דאָס מיידל לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן און צעזינגט זיך מיט אַ ציקלדיקן קול.
פון ביידע שלייפן קייקלט זיך באַ איר דער שווייס, אין טראָפּנס, שווער, געדיכט.
דער עולם פּליעסקעט, שרייט, לייגט איין די וועלט און דזשעני זינגט:

„עפטער טהע באָל איז אָווער, עפטער טהע ברייק אָף מאָרן,
עפטער טהע דענסערס ליווינג, עפטער טהע סטארס אר גאָען,
מעני ע האַרט איז אייקינג, איף יו קוד ריד טהעם אָל.
מעני טהע האָפּס טהאט העוו ווענישט עפטער טהע באָל." — —

נאָר פּלוצלים, פון דער העלער הויט, -
דערהערט זיך אַ משונה רעווען און דער עולם קוקט זיך אום פארגאַפט: —
אינמיטן שטוב, אין אַ געדיכטלעכן טומאן פון ציגאַרעטן־רויך,
שטייט בער, דעם קאָפּ פארוואָרפן אויפן נאַקן און די אויגן האַלב פאַרמאַכט;
די האָריקע צוויי לאַפּעס אויסגעשטרעקט צום באַלקן אינדערהויך;
דאָס מויל צערעפּעט, אויף אַ זייט, — און זינגט מיט אַ משונהדיקן קול.

פון עולם, עמעצער דערלאנגט אָן טיש אריין אַ הילכנדיקן קלאַפּ.
דער לאָמפּ דערשרעקט זיך . . . טוט אַ טאַנץ, אַ שלוכץ און זעצט זיך מיטאַמאָל.
— איז שכור ! — כיכעט טשארלי — ליגט אים שלאָפן ! הא, ש־א־ד־א־פּ !
נאָר בער, — אינגאַנצן פון די כלים — זינגט. דער שוויים פון פּנים רינט,
פּארלירט זיך אין דער באָרד, צעפליסט זיך אין די קנייטשן פון געזיכט.
אַ שטילקייט פאלט אויף אַלעמען. אַ שטילקייט אימהדיק און שווער . . .
אלקנה, אַ פּארציטערטער, לויפט צו : — וואס איז דיר, בער ? !
בער, — זינגט !

# קוני אײלאַנד

די בלאָנדע דזשעני נעמט באַם עולם אויס, געפעלט די לאַנדסלײַט שטאַרק . . .
נאָר בערן איז זי ניט צום הארצן : אַ פאַרדאַרטער שאַניעשניק און נאַר !
פאַרמאָגט דען עפעס ? . . . אַלץ איז פרעמדס. אַפילו, דאַכט זיך אים, די האָר !
אַוורעמקע אָבער, איז פאַרקאָכט אין איר : — אַן אמתע אַמעריקאַנערקע !
געענדיקט „גראַמער־סקול״. קען שרײַבן, לײענען, שפּילן פּאָרטעפּיאַן !
ער איז מסופק אָבער צי זי וועט זיך ראָדעווען אַ „גרינעם״ באַי ? ! . . .
פונדעסטוועגן איז ער אַ בעלן אײַנצעלאַדן איר אויף אַ שפּאַציר
אין „קוני־אײלאַנד״ . . . זונטיק אוונט . . . ווײַט אַרויס צום „פּיער״. אפשר . . פּאָרט ? ! — —
אַמעריקאַנער מײדלעך, ווײסט ער, האָבן ליב צו האָבן „פּליעזשער״, „פאָן״.
ער וועט איר ווײַזן, אַז ער איז שוין גאָר קײן „גרינער״ ניט :
ער ווײסט ווי אומצוגײן מיט „לײדיס״ . . . איז אַ „דזשענטעלמען״, אַ „ספּאָרט״ !

אַז ער האָט זונטיק אָפּגעפּאַרטיקט זיך,
איז ער אַרײַן אין „באַרבער שאָפּ״ און זיך אַרומגעשוירן, אָפּגעגאָלט,
גענומען אַ „שאַמפּו״ מיט אַ מאַסאַזש ; די האָר מיט וועזעלין באַשמירט
און איז אַוועק צו דזשענין מיט זײַן אויסגעאַרבעטן פּראָיעקט . . .
די בלאָנדע האָט זיך קלאָמפּערשטן געקווײנקלט און האָט אײַנגעוויליקט פּאָרט.
די זון האָט שוין געהאַלטן נעענטער צו מערב זײַט און דורך דער פאַרנער היץ,
וואָס איז געשטאַנען איבער קוני אײלאַנד, — זיך צעפּלאָסן אין אַ מאַטן פלאַם ;
זיך אָפּגעשפּיגלט, ווי אַ פלאַטערדיקער, נאָכגעלאָזטער זעגל אויפן ים.

דער מענטשן־אָנגעפּראָפּטער הויך־באַן הודיעט, לויפנדיק צום קוני אײלאַנד ברעג.
אַוורעמעל, הענגענדיק באַם רימען, האַלט אַרומגענומען דזשענין צוגעדריקט צו זיך.
ער פילט איר בוזעם קלאַפּן נאָענט צו זײַן האַרץ, און אירע קני באַ זײַנע פיס.
אַ ווײכע וואַרעמקײט צוגיסט זיך אים אין אַלע אבֿרים, נאָגנדיק און זיס . . .

דער אָוונט נעמט זיך זעצן איבער קוני אײלאַנד און דער ים, —
מיט גרויע לאַפּעס קײַקלט רווישנדיק די כוואַלעס זײַנע לעבן ברעג.
דער אינזל צינדט זיך פּלוצים אָן — אַ שטראַלנדיקע נעץ פון בונטע פײַערן.
אַ ווינט, אַ פאַרנער, ציט פון ברײטן ים און מישט זיך אויף מיט דעם געריך
פון קופּעס נאַקעט מענטשן־לײַב, צעשאָטן אויפן ברעג ; מיט דעם געשטאַנק
פון „האָט דאָגס״, זויער קרויט, געבראָטן פלײש, געפּרעסטע קעז און טוכלע ביר.

די לאַנגע גאַס, באַם ברעג פון ים, שטראָמט רעשיק, שלעפּנדיק נאָך זיך
די הײזעריקע קלאַנגען פון „סאַלון״־מוזיק, דאָס כאָרכלען פונעם גראַמאָפאָן ;
דאָס גאָרגלען זיך פון קאַרוסעל, דאָס זאַמדיקע געלעכטער פונעם שכורן מאַטראָז ;
דאָס טראַמפּלערײַ פון קנאַפּלען, קלאַפּערײַ פון וואָגן־רעדער, בראַזגערײַ
פון אײַזערנע פּאָדקאָוועס אויף ברוק, דאָס הודיען פונעם רווישיקן טראַמוויי

די גאַס ווערט ענגער, ענגער . . . טונקל, טונקלער, — נאַכט.
דער צין־קאָלירטער הימל אויסגעשטערנט, ווי אַ לייב געדיכט
מיט דריבנע מאָזלען אָפּגעשאָטן — פיבערט אינדערהויך.
די לבֿנה שווימט ארויס, — אַ לײדנשאַפטלעך פּנים הינטער אַ וואָל
פון דינעם, ציטערדיקן אָפּיום־רויך . . .

וורעמקע, האַנט אין האַנט, מיט דזשעני שפּאַרט זיך דורך דער ענגער גאַס.
אַ לאַנגע קייט פון לאַכנדיקע מיידלעך מיט געפּאַרבטע פּנימער
און פּלאַטינום־בלאָנדע קעפּ, מאַרשירן אין דער ברייט פון שמאָלן טראָטואַר.
אַ ווײסטער קאַליקע, די פיס אַראָפּגענומען ביז צום סאַמע געזעס,
אויף גרילצנדיקע רעדלעך שאַרט זיך, שפּאַרט זיך, פּלאָנטערט זיך
בײַ אַלעמען אונטער די פיס. אַ בלאָזנוואַטער שכורער מאַטראָז,
מיט שוואַרץ־אַרומגעלאַמעוועטע אויגן קריגט זיך מיט אַ ברענענדיקן גאַס־פאַנאַר.
אַן אויפגעבלאָזענער קלאַון, מיט אַ געקאַלכטן פּנים רײַסט זיך פון דער הויט :
— אַהער ! אַ־ה־ע־ר ! „קווין זהאמהא״ ! — זיבן הונדערט פערציק פונט !
אַ „דיים״ ! אַ „דיים״ ! אַ „דיים״ !
וורעמקע קויפט צוויי „האָט דאָגס״ אײַנגעהילט אין לעפּקע בולקעלעך,
באַשמירט מיט געלער גאָרטשעציע און אײַנגעדעקט מיט הייסן זויער־קרויט,
און פאַרלאָזנדיק זיך אויף די „היייליקע״ נאַמנות פונעם בייכיקן קלאָאון, —
באַצאָלט ער צוואַנציק סענט, פאַר צוויי בילעטן, און דערלאַנגט אַ שפּאַן אַרײַן . . .

אַ טונקלער באַרג מיט שוויים־צעפּריעט לייב דערלאַנגט אין נאָז אַרײַן אַ זעץ.
אַ שוואַרצער קאַרליק, מיט אַ טיגער־פעל אַרום די לענדן און אַ פּייקעלע אין האַנט,
טאַנצט פלינק אַרום איר „מאַיעסטעט״, גיט איבער, אויף אַ קוויטשיק קעלכעלע,
די מעלות אירע . . . רעכנט אויס איר לאַנגן יחוס־בריוו און איז מודיע, אַז, —
די קווין אַליין וועט אונדז מכבד זײַן מיט דעם באַרימטן טאַנגאַ־טאַנץ.
דאָס פּייקעלע אין קאַרליקס האַנט נעמט וואָרטשען און צעדרינזשעט זיך.
דער באַרג געוויכערט פלייש באַוועגט זיך, הוידעט און צעהוידעט זיך אין טאַנץ
די פלײשעדיקע היפטן וויגן זיך צום טאַקט פון אירע פלײסקענדיקע הענט,
דער בויך באַוועגט זיך שווער, מיט מי . . . די פיס, די קלעצלדיקע, טאָפּטשען זיך
און שטייען אויף אָן אָרט . . . דער בלאָנדער דזשעני נודיעט עס באַם האַרץ.
וורעמעל האַלט זיך צו די נאָז און קוקט : עס קאָסט אים צוואַנציק סענט !
די ביטערע דזשעני פילט וורעמלס זשעדנעקייט . . . און בעט זיך : — קום !
וורעמקע נעמט זי אונטערן אָרעם און מאַרשירט מיט איר אַרויס אין גאַס.

די נאַכט איז פאַרנע, הייס. דער ים דער טונקלער אָטעמט פייכט.
דער אינזל ברענט פון פינצטערניש אַרויס מיט שרייענדיקער פאַרבן־ליכט.
צום הימל הייבט זיך אויף דער „סטיפּל־טשיים״ — אַ פייערדיקער זייל.
דער „לונאַ־פּאַרק״ — אַ באָזשע מאַטקע, זיצט און בלינצלט אין דער נאַכט אַרײַן . . .

דער „לופ־דע־לופ“, אַן אָנגעצונדענער, פליט דורך דער לופט — אַ פייער־שלאַנג!
אוורעמקען מאַניעט, ציט: — האַ, דזשעני, קום!... די בלאָנדע וויליקט איין.
מיט בליציק־פלינקער שנעלקייט יאָגן זיך די קויש־וואַגאָנעס אינדערהויך —
ארויף, אַראָפּ. ארויף, אַראָפּ. ארויף, אַראָפּ!
אוורעמלען פליט ארונטער אַזש דאָס היטל און מיט ביידע הענט,
זיך האַלטנדיק באַם קאָפּ — פאַרזינקט ער אין אַ פינצטערן טונעל.
די בלאָנדע דזשעני לאָזט ארויס אַ שאַרפן קוויטש און הענגט זיך אויף
אוורעמקען אויפן האַלז... אוורעמקע פילט צוויי ציטערדיקע הענט,
אַ וואַרעם, סאַמעט־גלאַטע באַק, אַ פּאָר צעגליטע ליפּן און, —
צוויי צאַפּלדיקע טויבן נאָענט צוגעטוליעט צו זיין האַרץ...
אַ רגע און דער פינצטערער טונעל רייסט אָפּ זיך אומגעריכט — —
אַ בלויע נאַכט. אַ הימעל. שטערן. און אַ אינזל אין אַ נעץ פון רעגנבויגן־ליכט.

אַ זייגער עלף האָט זיך דער הימעל, פון דער העלער הויט, פאַרכמאַרעט מיטאַמאָל.
אַ ווינט האָט פּלוצלים פונעם ים געטאָן אַ צי, דערלאַנגט אַ סווישטש! —
דער קנאַפּל־קלאַטער אויף די טראָטוארן איז ארויס פון טאַקט. זיך אויפגעמישט
מיט דעם געברום פון טעלעגראַף־סלופּעס, סקריפּנדיקע שילדן,
פּראַלנדיקע טירן,
זשומענדיקע דראָטן,
בראַזגעריי
פון פלאַמענדיקע גאַס־פּאַנארן, פלאַטערנדיק אין ווינט:
מיט דעם געוויין פון הילף־סערענעס לעבן ברעג פון ים,
וואָס וואויען, אין דער פינצטערניש, ווי הונגעריקע הינט...

אַ בייטש האָט אין דער לופטן שאַרף און שניידנדיק געטאָן אַ קנאַל.
אַ בליץ האָט זיך פון הימעל אָפּגעריסן און מיט אַלע ציין,
אריינגעביסן זיך אין שווארצן לייב פון דער צערייצטער נאַכט.
די כמאַרעס האָבן צו דער בלינדער ערד אַראָפּגעלאָזט
די שווארצע פּאָלעס... אויסגעטרייסלט זיי —
אַ שרויטיק־גרויער רעגן האָט געטאָן אַ פּראַל!
די גאַס שטעלט פיס!
צעלאָזטע פּאָלעס, היטלען, שירעמס, ליטקעס, היפּטן, אַקסלען, פּלייצעס, הענט און קעפּ,
אין אַ צערייצטער זאַווערוכע אויפגעפלאַנטערט טראָגט זיך און פאַרבלענדט די גאַס.
אוורעמקע שלעפּט כמעט זיין דזשענין אויף די הענט ארויף די טרעפּ
צום הויך־באַן... שפּאַרט זיך דורך דער ענגשאַפט אין וואַגאָן אריין.
אַ מידער, הענגענדיק שוין אויפן קרעכצנדיקן רימען אין וואַגאָן, —
דערזעט ער דזשענין נאָענט לעבן זיך... ער קוקט איר אָן פאַרגאַפט:
פון רעגן זענען אירע רויט געפאַרבטע באַקן אָפּגעקראָכן, אויסגעפלעקט.
די לאַנגע וויעס אירע, — טרערן שווארץ... די בלאָנדע האָר — אין קאָלטענעס.

דאָס נאַסע קליידל צוגעקלעפּט צום לייב — אַנטפּלעקט
אַ מאָגערע פיגור, סוטולעוואַטע פּלייצעס, בריסטלעך — שפּיצעכדיק און קליין...
אוורעמעל חדושט זיך... דערמאַנט זיך אַז ער האָט איר צוגעזאָגט...
דערמאַנט זיך, — וועגן חבר, וואָס איז „אויסגעגאַנגען" מיט אַ מויד,
געוואָלט חרטה האָבן... האָט זי אים אויף „בריטש אָף פּראָמיס" איינגעקלאַגט...

אוורעמל האָט ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט.
געוואָרפן זיך אויף זיין געלעגער און געהערט, ווי אויפן דאַך,
אַ באָרוועסער, לויפט אום דער רעגן מיט געדיכטע, איילנדיקע טריט;
געזען די שווארצע ליפּן פון דער נאַכט צום פענצטער צוגעדריקט,
געהערט דאָס מיוקען פונעם ווינט אין גאַס און איינגעשלאָפן מיט אַ שווער געמיט.

# אַ משפּחה־פּאָרטרעט

געבליבן איז, אַז שבת נאָכן עסן גייט מען זיך ארונטערנעמען אַ פּאָרטרעט.
באַטאָג האָט די משפּחה זיך פאַרזאַמלט ווי מען האָט פון פריער אָפּגערעדט,
אין וואַרט־זאַל, באַ דעם פאָטאָגראַפּשטשיק, וועלכן נחמן האָט באַשטעלט.
דער פאָטאָגראַפּשטשיק, אַ קאַרנאָסער איד, מיט צוויי גערדיכטע וואָנצעס
פון אַ רוסישן פעלדפעביל האָט זיך באַלד אַ נעם געטאָן צו זיי,
צעזעצט זיי אין אַן אָרדענונג: פונפאַרנט, אין דער סאַמע מיט, זיצט בער:
ער איז דער עלצטער צווישן אַלע און פאַרמאָגט אַ שיינע באָרד.
דער פאָטאָגראַפּשטשיק זאָגט זיי אָן: — זיך האַלטן רואיק, זיצן אויף אַן אָרט,
ניט פּינטלען מיט די אויגן און ניט ריידן צווישן זיך קיין האַלבן וואָרט.
אליין באַהאַלט ער זיך, ווי אַ געיאָגטער גנב, אונטער אַ גערדיכטן, שוואַרצן טוך,
און מיט אַ גנביש אייגל היט ער זיי פון אונטערן טוך אפּער...
אלקנהן הייסט ער האַלטן ביידע אויגן אָנגעשטעלט צום באַלקן, אינדערהויך.
און בער, — זאָל קוקן פּונקט אַנטקעגן, אויפן גאַז־דער, אין דער וואַנט.
אוורעמעל דאַרף דעם קאָפּ אַביסל האַלטן, — אָט אַזוי־אָ, אויף אַ זייט.
און שיינען פּאַסט זיך אַ בוקעט פון לייוועגטענע בלומען אין דער האַנט.
מנשה שמייכלט ניט געגנוג און מלכה שטייט אַביסל שטייף.
ער כאַפּט זיך נאָכאַמאָל ארונטער אונטערן שוואַרצן טוך
און סמאָטרעוועט אדורך אַ צווייטן מאָל זיין אונטערטעניקע ארמיי...
דעם קליינעם הירשלען, דאַרף מען געבן אין דער האַנט אריין אַ בוך.
און נחמנען, — אַ יאַמשן שטעקעלע, אַ פּאַפּיראָסל און אַ בלום אין לאַץ.
יוכבדס פּאָדעלעק, — געפעלט אים ניט... אַ קעלבל קען אריין צו איר אין שוים:
פונפאַרנט איז דאָס קלייד באַ איר פאַררים און די זאָקן זען זיך איר ארוים.
מע מוז דעם ברייטן פּאָדעלעק פאַרשטעלן מיט — אַ בלומען־קראַנץ!
ער כאַפּט זיך נאָכאַמאָל ארונטער אונטערן שוואַרצן טוך.
— גיב אַכטונג, בער! — טרייבט נחמן שפּאַס — דו זעסט דאָרט דעם האַרמאַט?! —
דאָס צילט ער זיך אויף דיר!... „בערעגיס“! באַלד שיסט ער אויס!
פּ ו י י י י י י י י!!!

נאָר קיינעם לאַכט זיך ניט. דער שטרענגער פאָטאָגראַפּשטשיק היט.
יוכבד הערט ווי ס'זשומעט פאַרן אויער איר אַ נודנע פליג:
וואָס טוט מען אַז זי זעצט זיך איר אַוועק, חלילה, אויפן סאַמע שפּיץ פון נאָז?!
— פּאָזשאַלאָסטוואַ! אַ רגע, פּליז!!! בעט רחמים זיך דער פאָטאָגראַפּשטשיק לעבן אַפּאַראַט.
— איינס, צוויי, דריי! — ער טוט אַ דריק אַ גומען קניילכעלע,
דאָס קניילכעלע דערלאַנגט אַ פּשיק: — פּ־ש־ש־ש־ש־ש — ש ו י ן!
יוכבד האָט יסורים: די פּראָקליאַטע פליג... געדיינקט ניט אַקוראַט...

* * *

בן ציון דער טויבער שרייבט פון דערהיים און הירשל לייענט:
דעם מכתב אייערן, דאָס געלט, וגם דעם טייערן פּאָרטרעט דערהאַלטן היינט.

די מאַמע האָט איך אַלעמען צום האַרצן צוגעדריקט און שטאַרק געוויינט.
און וועלוול טאַטקעס האָט, אַ דאַנקען גאָט, פאַרשפּילט אין „סוד" און זיצט...
מיין מינדל מיט די קינדער זענען, קיין עין הרע געזונט, אַ דאַנקען גאָט.
די מומע דבורה זאָגט, אַז אַלע קוקט איר, קיין עין הרע, ווי די גראַפן אויס.
איך בלייב דער לעצטער איד... דער איינאיינאיינציקער אין דאָרף. ניט גוט!
ווען ניט די מאַמע, זאָל זי זיין מיט אונז ביז הונדערט צוואַנציק יאָר,
וואָלט איך זיך אויך געלאָזן קיין אַמעריקע... צו אייגן פלייש און בלוט.
פון ליפּע משהלע ראָזיטעס, הערט מען, אַז ער איז קיין אויסלאַנד אַוועק, —
שטודירט אויף שטערן־זעער... און אויף אידישקייט — געשפּיגן קלעק!

די מומע דבורה זאָגט, אַז אַלע קוקט איר, קיין עין הרע, ווי די גראַפן אויס.
זי וואָלט נאָר זיין אַ בעלן וויסן, וואָס יוכבד האַלט באַ זיך אין שויס.
עס זעט אויס ווי אַ קרענצל ציבעלעס... אַזאַ מין מאָדע מן הסתם באַ אייך.
אָט ווי די מומע איז דערשלאָגן, נעבעך, איז ניט אומעטיק מיט איר...
אויף אַלץ און אַלעמען אַ ווערטל... יעדע קלייניגקייט באַמערקט זי דיר.
אַזוי איז גאָר קיין נייס ניטאָ.
ממני בן ציון

פון עלקען איז אַ בריוו צו בערן אָנגעקומען, העכער האַלב אין דאַטש:
זיי וויסן, האָך געשעצטער, ווירדיקער געמאַל,
אַז איך האָב דיינעם בריוו ערהאַלטן, אויך די שיפס־קאַרט און דאָס געלט
און קלייב זיך שוין, אין גאָטס גענאַדן, צו דער רייזע אין דער נייער וועלט.
אַליין בעפינד איך זיך אין בעסטן געזונדט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר.
און דאָס וואָס שונאים שרייבן דיר פון פערד... פון פאַטער — איז ניט וואָר!
אַ בלבול... זיצט אומזאָנסט... און וועט, אם ירצה השם, אַרויס צום יאָר..
דערווייל איז זי פאַרנומען מיטן גרייטן זיך. מיט אויסשטאַט, מיט גענײ:
זי מאַכט זיך אויף אַ טוצן העמדער, זאָגנע; אַ מענטעלע, אַ קלייד צי צוויי...
געגעבן איבערניצעווען איר שליאַמעסענעס פוטער און דאָס מענטעלע,
לויט גאָר דער סאַמע לעצטער מאָדע, ווי מע טראָגט היינט אין דער וועלט.
זי האָט זיך אויך, באַ דער מאָדיסטקע פון אַדעס, אַ שטרויען היטעלע באַשטעלט, —
כדי זי זאָל אים ניט פאַרשעמען, גאָט באַהיט, פאַר פרעמדע לייט.
זי נעמט קיין זאַך ניט מיט פון דרהיים, אַחוץ דאָס טעצל דאָס קרישטאָלנס,
די זילבערנע דריי לייכטערלעך, דאָס שטייסל און דאָס גאָלדן בעכערל.
אַזוי איז גאָר קיין נייס ניטאָ. און דאָס וואָס אַלעמען איז שלעכט די צייט —
איז שוין קיין נייס ניט מער. דער טאַטע אירער גריסט אים פון דער ווייט..
אַדיע, צום ווידערזען.
דיין עוועג ליבנדע, געטרייע פראַו
עלקע.

באַ בערן איז דאָס אָנגעלייגט ביז גאָר! דאָס האַרץ קוועלט אָן פון שיינעם בריוו.
וועט אָפּנעמען מיט איר אַ וועלט!... אַ פּנים, — ליכטיק ווי די זון,
צוויי אויגן — קויל, אַ מויל, — ווי רויזן־איינגעמאַכץ... איר גאַנג, פּאַסאָן! — —
ער כאַפּט אַ קוק אויף זיינע גרויסע, האָר־באַוואָקסענע, צערעפּעטע צוויי הענט, —
און ס'פּאַלט אים איין דאָס האַרץ: — צוויי שווערע קלעצער, דורכגעזשאַווערטער טשוגון!
דער הלוך זיינער! שטענדיק פּילט פון אים זיך — סמאָלע, שימעל, שוויים.
זי וועט אוודאי אים ניט קענען סובל זיין... זיך מיאוסן מן הסתם...
ניט וועלן זיין מיט אים... זיך שעמען ווייזן פאַר דער וועלט.. ער וויים — —

באַנאַכט האָט בער געוויקט די הענט אין קעראָסין, געריבן זיי מיט זאַמד, סאַפּאַליאַ־זייף.
געזעסן, נאָכדעם, ביז נאָך האַלבער נאַכט און זיי געלופּטערט אויפן הויף.
באַנאַכט איז ער געשלאָפן שלעכט. געחלומט און געפּילט, געפּילט! —
זיין עלקען לעבן זיך. איר ליב, — ווי סאַמעט גלאַט און ווייך און וואַרעם־צאַרט.
עס ציטערט אונטער זיינע הענט... ער כאַפּט זיך אויף: — וואָס איז דאָס?... וואַרט! ? —
פון דרויסן, דורכן אויפגעמאַכטן פענצטער, ציט אַ ווינטעלע אַ שטילס,
און לאַשטשעט, גלעט. און קילט, און קילט, און קילט...

# קאָנקורענטן

בעת דער ארבעט אויפן „יארד", האָט בער פארפירט א שמועס מיט טשארלין וועגן דעם,
אַז עלקע, לויט איר לעצטן בריוו, איז, גאָט צו דאַנקען, שוין אין וועג,
און ער אליין, ווי זאָגט מען, גייט אראָפּ פון פרעמדע קעסט...
איז, — דארף ער זיך אליין מפרנס זיין, פארזאָרגן מיט אן אייגן ווינקעלע, א נעסט.
האָט ער א טראַכט געטון: מע דארף א שמועס טאָן... עס שאַט ניט טאָן א פרעג — — —
געלאַסן הערט אים טשארלי אויס און טוט אונטערן נאָז א ברום:
— דו ווילסט דאָך ניט קיין ענטפער באַלד. אָט, — לאָז מיר זיך מישב זיין, „יו נאָו"!
איך קען דיר געבן תשובה, — לאָמיר זאָגן, אין א צוויי דריי טעג ארום.

אויף מאָרגן, נאָכן שמועס, האָט זיך אין „יארד" באוויזן א טשיקאווע מין פארשוין —
א גרויסער, א ברייטביינערדיקער ניעגער, איבער זעקס פוס הויך,
מיט אָנגעפּעלצטע, פליישיקע צוויי פּלייצעס, און א פּנים — שווארץ ווי קויל;
א נאָז, א פּלאַטשיקע, צעגאָסן איבערן פּנים ווי אן אָזערע פון אויג צו אויג,
מיט דיקע, מילציק־בלויע ליפּן און צוויי שורות פערדיש־גרויסע ציין,
וואָס האָבן ווייס ארויסגעבליאסקעט פון א ברייטן, לאַכנדיקן מויל.
דאָס לייב זיינס, ווי א שווארץ לאַקירטער לעדער, קוקט ארויס פון א צעפליקטן העמד:
די הויזן, פון א ברוינלעכן קאָרדרוי, פארגאַרטלט הענגען נידריק אונטערן בויך;
פון האַלב־צעפּוילטע שקראַבעס קוקן דורך די לעכער שווארצע פינגער ברודיקע ארויס,
ווי הונגעריקע מייז. ער מעלה גרהט נאָכאַנאַנד און שפּייט דערביי,
אָן אויפהער, מיט אַזאַ געדיכטער, טונקל־ברוינער פלוימען־יויך.

אז טשארלי האָט דעם „גאַסט" דערזען האָט ער זיך גאָר מיט אים ארומגעכאַפּט:
— האָ־וואָ־יע, באָב? האָ־וואָ־יע, באָב! און — באָב, און באָב, און באָב!
דערביי האָט ער נאָך יעדן „באָב" דערלאַנגט אים אין דער פּלייצע א געטרייען קלאַפּ.
דער שווארצער האָט געשטשירעט מיט די ווייסע ציין, געפּלאַפּלט און געלאַכט.
— אָט, — בייסט ער ביידע אויערן, צו אלדע שווארצע יאָר, זיך אָפּ...
אָט, — נאָך אביסל שלינגט ער איין אליין זיין אייגענעם קירבעסדיקן קאָפּ.
א ווייטיק און א חרפּה האָט אין בערס נשמה אויפגעשריען:
— אז אָך און ווי איז דיר, ווער ס'איז דיין קאָנקורענט!
מיט וועמען דו ביזט דאָס מחויב צו מעסטן זיך...
קאָלאָמבוסעס מדינה, — אז ווערן זאָל זי נאָר פארברענט!

אז באָב האָט גוט זיך אָנגעלאַכט, האָט טשארלי אויסגעקראַצט
באַ זיך אין בוזעם־קעשענע א רויטלעכן ציגאַר, פון טריקעניש צעפּלאַצט,
און אים, כמעט מיט גוואַלד, דעם ניעגער אין די ציין אריינגערוקט.
דער שווארצער האָט געגרויכערט ווי א קוימען... טשארלי האָט גערעדט,
געסודעט זיך מיט אים און יעדער רגע, ווי א גנב זיך ארומגעקוקט...

אכט און פופציק

אביסל שפּעטער האָט מען זיך פון „יארד" פּאַמעלעכל ארויסגעשאַרט,
און אַז זיי האָבן, אין אַ היפּשער צייט ארום, זיך אומגעקערט צוריק,
איז באַב שוין גאָר געווען אַנאַנדער מענטש... שוין גאָר ניט דאָס...
די אויגן ווי פאַרטשאַדעט האָבן אָקסיק־גרוים פון קאָפּ ארויסגעשפּאַרט,
די צונג, אַ בלוילעך־ווייסע, אַ צערפּעטע, געהאַנגען איז צעשפּרייט
אריבער אַן אַראָפּגעלאָזטער, דיקער, מילציק־בלויער סלינעדיקער ליפּ,
און דורך דער שווארצער הויט פון פּנים האָט דער שוויים געגאָסן זיך ווי פון אַ זיפּ.
די הויזן אונטערן נופּל זענען קוים געהאַנגען אויפן גאַרטל־שטריק.
און טשאַרלי האָט זיך אויך פאַרענדערט שטאַרק. אינגאַנצן גאָר אַן אנדערער...
די באַקן האָבן אים געזשאַרעט ווי אַ סקאָווראָדע, דער שטערן האָט געשוויצט,
די אויגן זענען אים געווען רויט, פאַרגאָסן און דער פליכעוואַטער קאָפּ, —
אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד, ווי באַ אַן איינגעשפּאַנטן ביק.

אין אָוונט, נאָך דער ארבעט באַלד, האָט טשאַרלי בערן אָפּגערופן אָן אַ זייט
און אַ פאַרשעמטער אָנגעהויבן שטאַמלען, פּלאָנטערן מיט דער צונג:
— פאַרשטייסט, — סאַ קריזיס, בער. איך קען ניט העלפן... אַ פּאַסקודנע צייט!...
דו מענגסט מיר גלויבן, בער, איך וואָלט מיט דיר לחלוטין ניט געדונגען זיך — — —
נאָר, — כ'מוז! אַז, — מער פון זעקס פאַרוויסטע דאָלאַר — קען איך ניט, „יו נאָו"? — — —
און אויב דיר דאַכט זיך אַז איך ווער אין דיר, חלילה רייך — —
— ווער מיינט דען?! — שלאָגט אים איבער בער — דו קענסט ניט... וואָס איז שייך?!
באַנאַכט איז בער געשלאָפן שלעכט; געדרייט זיך ווי אַ שלאַנג.
און אַז ער האָט שוין איינגעדרימלט האָט זיך אים געחלומט, אַז
אַ מוראַדיקער ריז, אַ שווארצער, זיצט אים אויפן הארצן רייטנדיק
און האַלט אים שטייף מיט זיינע גרויסע, שווארצע לאַפּעס פאַרן האַלז...
אַ יאָמערלעך צעצויגן וואויען ערגעץ אין דער טונקעלער טיפעניש פון נאַכט
האָט אים פון ווייסטן, שווערן שלומער אויפגעוועקט;
ארויסגעריסן אים פון די פאַרשאָלטענע צוויי שווארצע הענט — —
אַ האַלבער הימעל האָט אריינגעקוקט צו אים אין פענצטער רויט־צעפלאַמט,
אַ פייער־לעש־מאַשין, איז וואויענדיק, די גאַס די פינצטערע פארביי: —
אין שיפּס־העד־ביי, באַם סאַמע ברעג פון ים,
האָט אָנגעצונדן זיך אַ סקלאַד פון האָלץ און — ברענט!

# אין די קעצקיל בערג

ווי נאר די גראָבע גאָסי האָט דערפילט,
אַז מלכה האָט די קיך, דאָס באַלעבאַטישקייט אין אירע הענט, —
האָט זי גענומען פּיעשטשען זיך: ס'איז היים. זי פריעט... ס'ברענט!
האָט טשארלי איינגעפּאקט די חפצים איר, ארויפגעזעצט איר אויפן באַן
און זי אַוועקגעשיקט צום לאַנדסמאַן, טעוול קורעלאָפּניק, אין די קעצקיל־בערג:
אָט, זאָל זי זיך דאָרט וויגן אויף דער לופטיקער וועראנדע אינעם ראָקינג־טשער,
זיך חיותן אין שאָטן פון דעם קורעלאָפּניקס קאַלטנעוואטן עפּל־בוים...
באַרימען זיך, אַז זי האָט אַ מאַיאָנטעק דאָרט געלאָזן אין דער היים...
און זאָל דער קורעלאָפּניק קעכלען איר מיט טייבעלעך געבראָטענע,
מיט פּארנער מילך אָט ערשט פון פּארמערס מעלקשעפל ארויס;
מיט אייער, ווארעם נאָך... אָט אָקאָרשט וואָס פון אונטערן עוף אפּער;
זי האָדעווען מיט דריליקער מאַראָזשענע, מיט — פליגן־קויט, און ער —
וועט קומען דורכן זומער צוויי דריי מאָל צו איר צו גאַסט
און ברייינגען איר שמאַכטיילעקעס, קאָנפעקטן... ווי פאר ראקעפעלערן פאַסט!...

אַז טשארלי איז דאָס ערשטע מאָל געקומען צו זיין גאָסין אויפן פארם, —
האָט חברה לצים, ווי דער שטייגער איז, אים אָפּגעטאָן די ערשטע נאַכט:
אים אונטער גאָסים בעט דאָרט אָנגעהאנגען אַ פארזשאווערטן בהמה־גלאָק,
וואָס האָט זיך הייזעריק צעגוואַלדעוועט אַז אַלץ איז אויף דער פארם געוועזן אויף...
איז טשארלין דאָס ניט אָנגעשטאַנען און ער האָט זיך אָנגעהויבן זידלען אויף אַ קול.
וואָס מער ער האָט געזידלט זיך אַלץ שטארקער האָט די פארם געלאַכט...
אויף מאָרגן האָט זיך טשארלי אויסגעניכטערט... און געוואָרן פאַניבראַט מיט אַלעמען.
אין אָוונט איז ער שוין געזעסן אויף דער לופטיקער וועראנדע אינעם ראָקינג־טשער
געשפּאַסט מיט אַלע ווייבער און דערביי געהאַלטן גאָסים פלוסטערדיקע האַנט...
דער אָוונט איז געוואָרן טונקלער, טונקל און זיך אויסגעגאָסן אין אַ בלויער נאַכט.
דער הימעל האָט זיך אויסגעשטערנט איבער אים. די שטערן ווייס און גרויס.
ער קוקט און זיפצט... פארגעסן זיך אַז „יארד" און עפּעס זיך דערמאַנט, דערמאַנט...

# דער שאדן האָט זיך אָפּגעזוכט

— ס'איז היינט געווען דער הייסטער זומער־טאָג פון אַלע זומערדיקע טעג —
דערקלערט דער „דזשעניטאר" פון די „קאַזאַרמעס", וואָס אויף פּיטקינס גאַס,
פּאַר זיינע שכנים פונעם הויז, וואָס ליגן אויפן טראָטואַר און אָטעמען,
ווי פיש אַרויסגעוואָרפן פון אַ שטורמדיקן וואַסער אויפן ברייטן ברעג.
די גאַסן און די הייזער, פון דער היץ צוגליטע, פאַרן אין דער נאַכט אַריין.
אינמיטן גאַס, אַרום אַ פלאַקערדיקן פייער, וואָס קונדסים האָבן ערשט געמאַכט,
כדי אַפּנים צו פאַרטרייבן די קאָמאַרעס און פאַרגרעסערן די היץ, —
אַ שייקע קינדער האָפּקעט אין אַ ראָד ווי מאַטלעך אין דער נאַכט.
אַרום אַ העלן פייער־שיין.

— סעי, מיסעס, מיסעס! — הערט יוכבד ווי אַ שכנה רופט.
— אַ מיסטער עפּעס פרעגט זיך נאָך אויף אייך.
יוכבד הייבט די אויגן אויף: — רב לייבישל! דאָס רויטע שוחטל פון אָשוועניצין!
— רב לייבישל! — דערפרייט זי זיך — ווי קומט איר עס אהער?!
— וואָס מיינט עץ? — לאַכט רב לייבישל מיט אַלע ציין אין מויל —
פון מיר אַנטלויפט מען ניט לעולם ועד... עך געפּין, געפּין!
געטראָפן אויף אַ ברית אַ לאַנדסמאַן אייערס האָט ער מיר געזאָגט...
פון מיר באַהאַלט מען זיך ניט... עך געפּין, געפּין, געפּין!

רב לייבישל איז אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, ווי מע זאָגט: —
אין אַ פּרינץ־אַלבערט־ראָק פון שוואַרצן, גלאַנצנדיקן ריפּס,
אין העלע הויזן, אין אַ ליכטיקן פּאַנאַמאַ־הוט און אין אַ ווייסער קאַמעזוויל.
פון צווישן דער צוקעמטער רויטער, שיטערלעכער באָרד,
פון אונטערן גאָרגל־קנאָפּ אַפער, — זיך ווייזלט אַ געשלייפטער ווייסער שניפּס.
רב לייבישל איז חזן, שוחט, מוהל, מסדר קידושין בא די „אנשי תומכי שבת מ'כאטין".

יוכבד לאַדט אים איין אין שטוב אַריין. שטעלט כיבוד און פאַרפירט אַ שמועס.
רב לייבישל דערציילט, באַרימט זיך נאָכאַנאַנד: ער האָט אַ שם, אַ דאַנקן גאָט.
זיין דאַווענען, — איז אַן אויסנעם! איז דער בעסטער מוהל אין דער גאַנצער שטאָט.
דערביי באַטראַכט ער, מעסט אַרום יוכבדס טאַליע מיט אַ פלינק, געניטן אויג...
יוכבד פילט זיין בליק. ער דלובעט זיך אַרונטער ממש איר אונטער דער הויט.
זי לאָזט די אויגן צו דער ערד אַראָפּ און ווערט סכנות רויט.

וואָס מאַכט דאָס שיינע וואַבל, אייער שוועסטער? — פאַרשט ער בא יוכבדן —
נאָך גאָר ניט?... שוין פאַרהייראַט, קיין עין הרע ניט, דאָס צווייטע יאָר???
זי וויל ניט?... וואָס זשע נאָך ניט צייט?... אַ שוט, אַ שוט!...
און אייער שוואָגערס באָיעס האָבן כלות? — — — טאָקע?! פּיינטשיק, פּיין!!!

ער כאַפּט פון בוזעם־קעשענע ארויס אַ ביכעלע און שרייבט אריין.
פאַרצייכנט פּינקטלעך, אקוראט דעם פולן נאָמען און אדרעס:
— געהאַט אַמאָל אַן אייזערנעם זכרון... אין די יונגע יאָר —
פאַרענטפערט זיך רב ליבישל און זיפצט — נאָר איצט, —
איז שוין ניט דאָס... עס דינט שוין ניט דער קאָפּ... כ׳פאַרגעס!

געוועזן שוין שפּעטלעך ווען רב לייבישל האָט ס׳הויז פאַרלאָזט.
אלקנה האָט פאַרצויגן אַ געשמאַקן, מידן גענעץ און זיך אָפּגעזיפצט:
— אים האָב איך שוין פאַרזאָרגט. איך האַלט מיט אים שוין אויף אַ לאַד...
נו, איצט מיין ווייב, — פאַרלעש דעם לאָמפּ, שוין היפּשלעך שפּעט.
קיין יושר ניט... די וואַנצן וואַרטן שוין אויף אונז אין בעט...

ווי נאָר יוכבד האָט דעם לאָמפּ פאַרדרייט און זיך אין בעט אריינגעלייגט, —
האָט פּלוצלים זיך פאַרכמאַרעט און אַ רעגן האָט געטאָן ראַפּטאָם אַ פליוך.
די בליצן האָבן פאַסנווייז געשניטן פון דער פינצטערניש,
דער דונער האָט כסדר, נאָכאַנאַנד געבאַראַבאַנעוועט, געקנאַלט, געקלאַפּט.
יוכבד האָט אַוועקגעשאַרט דעם פאָרהאַנג פונעם פענצטער און ארויסגעקוקט
צום רעגן אויף דער גאַס. געטראַכט און אין געדאַנקען שפּעקולירט: —
צי האָט דער רעגן־שטורם אויפן וועג רב לייבישלען פאַרכאַפּט?
דער דונער האָט געגוואַלדעוועט, געקייכט, געלאַכט, פאַרגאַנגען זיך: —
פאַררררררכאַאאאאפּט! פאַררררררררר־כאַאאאאאפּט! פאַררררררכאַאאאאפּט!

# אַ גאַסט אין אמעריקע

אין אָנהויב הארבסט איז עלקע אָנגעקומען קיין אַמעריקע.
די רייזע איז געווען אַ ביטערע. דער ים האָט זיך צעווילדעוועט,
גענומען מאָרדעווען, ווי נאר די שיף האָט אָפּגעטראָטן פונעם ברעג.
שוין באַלד די ערשטע נאַכט איז זי ארייַנגעפאַלן אין אַ פינצטערן טומאַן;
אינמיטן ים איז זי פארכאַפּט געוואָרן פון אַ שטורם און אראָפּ פון וועג, —
געבלאָנדזשעט און זיך קוים געראַטעוועט ווי דורך אַ נס.
קיין נויאָרק האָט זי זיך דערשלאָגן, אַ פארשפּעטיקטע, אויף גאַנצע צוויי מעת לעת.

אַז עלקע האָט דערזען נויאָרק, האָט זי די אויגן אויפגעעפנט ווי אַ ווילדער הירש: —
די גרויסע מויערן, די לאַנגע גאַסן און די באַנען אין דער הויך!
די ריזיקע פאבריקן מיט די אויסגעשטרעקטע, שווארצע קוימענעס,
וואָס שפּייען אויפן הימעל נאָכאַנאַנד מיט גרויע קודלעס רויך;
דער רעש פון איבערפילטע גאַסן, דאָס געבראַזג פון פורן און טראַמווייען,
דער הילך פון שטיין וואָס ענטפערט אָפּ אויף איילנדיקע טריט —
האָט איינגעגעסן זיך אין אירע ביינער, אין איר בלוט זיך פייערדיק צוגליט...

און אַז זי איז צו זיך אַהיים געקומען און דערזען דאָס באַלעבאַטישקייט,
וואָס בער האָט, מיט יוכבדס הילף, פונאירטוועגן צוגעגרייט, —
האָט זי זיך ווי אַ קינד, מיט נייע שפּילכעלעך, דערפרייט.
געפעלן איז איר מער פון אַלץ — דער „ראָקינגטשער" מיטן שטרוי־געפלאָכטענעם געזעס.
נאָר ווי זי האָט זיך אינעם שטול אריינגעזעצט, צעהוידעט זיך, געטאָן אַ שטיף, —
האָט זיך אין קאָפּ באַ איר דערלאַנגט אַ מיש דער מוטנער ים...
צום נאָז פארגאַנגען איז דער טוכלער עפּוש פון דער שיף.
ס'איז איר ניט גוט געוואָרן און זי האָט זיך אויפגעכאַפּט,
געוואָרן בלייך, גענומען טאַפּטשען זיך און זיך פארשעמט
אַ שמייכלענדיקער האָט זי בער באַטראַכט, דערפילט די נאָכניט אויסגעוועפּטע שרעק
אין איר געמיט און ס'האַרץ האָט אים פארקלעמט...
אין אָוונט ווען די קרובים און די לאַנרסלייט זענען זיך צעגאַנגען, שפּעט,
האָט בער דעם קנויט פון לאָמפּ אריינגעדרייט ביז טיף אין סאַמע שלונג אריין...
דער פלאַם האָט צו דער טונקלקייט ארויסגעשטרעקט אַ בלוילעך צינגעלע
און פאר די שאָטנס זיך צעפלאַפּלט, שטיל און סודותדיק צערעדט...

אַ מידע האָט זיך עלקע אויסגעצויגן אין איר פרישן בעטגעוואַנט.
פון הינטערן נאַכט־העמד האָט אַ ווייסער שולטער אירער, זיך אַנטפּלעקט,
געמינעט זיך אין פינטלדיקן שאָטן־שיין... דער לאָמפּ האָט שטילערהייד
אַ זיפץ געטאָן... ארויסגעשטעקט דאָס פלאַטערדיקע דינע צינגעלע
און מיט אַ זשעדנעקייט זיך ווי אַ קאַץ, אַ נאַשערקע, באַלעקט...

צעשאָטן אויף די ווייסע קישן, האָבן עלקעם שוואַרצע האָר,
ווי רייפע ענגלן טרויבן זיך געקרויזט און קיל און פריש געשמעקט.
דער זייגער האָט געטיקעט אויף דער שאָטנדיקער וואַנט, —
פאַריינס געוויגט, געליוליעט און געוועקט... געליוליעט און געוועקט...

# אַ סוד

מיט נחמנס סטרייק האַלט שמאָל... עס זעט זיך ניט קיין סוף.
די באַלעבאַטים זענען איינגעשפּאַרט און „סקעבס" — פאַראַן לרוב!
די „יוניע" מונטערט, וועקט דעם מוט בא די דערשלאָגענע...
דער לאַנגער יאָסל בראַנדלס אדרעסירט די סטרייקערס, נאַכט נאָך נאַכט;
פאַרגעסט ניט איינצעחזרן — אין אייניגקייט ליגט מאַכט!
און ענדיקן מיט דעם באַרימטן פּיזמון זיינעם, אויפן באַריטאָן:
שטייען אַלע רעדער שטיל,
ווען דיין שטאַרקער אָרם דאָס וויל!

אין אָנגעצונדענער, צעפלאַקערט פון התפעלות קערט זיך נחמן אום.
נאָך האַלבער נאַכט, אהיים און חזרט איבער פאַרן וויב דעם גאַנצן דרש,
וואָס דער געקרויזטער יאָסל בראַנדלס האָט אוועקגעלייגט פאַר זיי.
דערביי פאַרשילט ער דאָס געביין פון דעם פאַרפלוכטן קאַפּיטאַל...
און מאַכט פון גאַנץ אמעריקע, מיט האַק און פּאַק, אַ באַרג מיט אַש...

און שיינע, אַ פאַרשלאָפענע, הערט אויס דעם אויפגערעגטן נחמנען און שווייגט.
אויך זי האָט עפּעס צו דערציילן אים: זי טראָגט אַ סוד אונטערן האַרץ...
אין נעכט, אין שלאָפלאָזע באַווייזט ער זיך צו איר אין ציטערניש —
אַ ווייסער שמעטערלינג... און באַלד — אַ פלעדערמויז, מיט פליגלען קאַלט און שוואַרץ...

* * *

אויפן פענצטער הענגט אַ פאָרהאַנג,
און אַ שאָטן אויף דער טיר.
נאַכט און אָסיען... שיינע שלאָפט ניט,
ווי דער סוד אין האַרץ בא איר.

אונטערן האַרצן צוגעטוליעט,
ליגט איר האַנט און הערט זיך איין:
דער וואָס ווייסט איר סוד, איר מורא, —
דער זאָל אויך איר היטער זיין!

אונטערן האַרצן טיף באַהאַלטן...
קיינער זאָל איר סוד ניט זען, —
ביזקל גאָט וועט אים אַנטפּלעקן —
ער, וואָס ווייסט, — וועט וויסן ווען...

טויבע ווענט און שטומע שאָטנס,
און אַ בלינדע אָסיען-נאַכט —

מיט דעם סוף אונטער איר האַרצן
האָט אַן אַלטער ווײ דערוואַכט...

הינטערן פענצטער זינגט דער האַרבסט־ווינט:
איי־לו, לו־לו, — רואיק, ליג! —
אין אַ וויטן וואַלד, אָן בלעטער,
צווישן צווייגן הענגט אַ וויג.

לעבן וויג — אַ שוואַרצער שאָטן, —
איינגעבויגן, אָנגעלײנט: —
—איי־לו, לו־לו, זינדיק נפש!...
און אין וויג, דאָס נפש — וויינט!

דורכן וואַלד — אַ שליאַך, אַ קרומער.
קריכט אַ וואָגן, קרעכצט אַ ראָד — —
הוילע צווייגן... געלע בלעטער...
אָסיען... רעגן... ווינט און סוף...

אויף איר פענצטער הענגט אַ פאָרהאַנג
און אַ שאָטן — אויף איר טיר
נאַכט און רעגן... שיינע שלאָפט ניט,
ווי דער אַלטער ווײ אין איר.

# בער ווערט אַ „ביזנעסמאַן"

זינט עלקע איז געקומען ארבעט בער אין „אָוועראָלס".
אין אָוונט, נאָך דער ארבעט, איידער ער פארלאָזט דעם „יארד",
פארברענגט ער באַם פארראָסטן פלומפ אַ היפּשע צייט.
אַ גאַנצן ירדן וואַסער בריינגט ער אויס אויף זיך...
ער רייבט די הענט מיט זאמד, דאָס פּנים מיט סאפּאָליאָ־זייף,
מיט מולינקעס דעם ברוד פון קארק, דעם זשאַווער־שטויב פון קאָפּ.
— ער טובלט זיך — לאַכט גאָסי און דער בוזעם אירער טרייסלט זיך.
— ער פריזשעט זיך די ביינדעלעך — לאַכט טשארלי, חוזקט אָפּ.

און עלקע קלאָגט זיך, אַז פונזינט זי איז געקומען קיין אַמעריקע,
איז האָט זי רק דעם קאטער... טראָגט זיך אום מיט אַ פארלייגטער נאָז...
און בעת ער קומט אהיים, באַמערקט ער ווי זי עפּנט באַלד
די פענצטער כאָטש עס רעגנט דרויסן און ס'איז ווינטיק, קאַלט.
נאָר, — פרעגן זיך צעוואָס זי טוט עס, — האָט ער מורא און — פארשפּאָרט...
זי שעמט זיך ניט און זאָגט אים, אַז עס ווערט איר פּראָסט ניט גוט!
זי וויל ניט אַז ער זאָל זיך וויקן, טאָג אויף טאָג, אין קופּעס מיסט,
פארזשאַווערט ווערן ווי אן אַלטע סקאָווראָדע אין טשארלים שיינעם „יארד",
באַ דער פּאַסקודנער ארבעט וואָס ער טוט.
זי וועט בעדאי אליין אָוועקן אין שאָפּ... ארויסהעלפן די ערשטע צייט,
כדי ער זאָל זיך קענען, ווי עס איז, ארויסקראַבקענען פון „נוזשניק" און
זיך נעמען פאר א מענטשלעכער מלאכה, ווי באַ לייט!
דאָס קען שוין בער לחלוטין ניט פארטראָגן מער.
ער קאָכט זיך אויף, פארוואַרפט מיט הענט און פיס:
— וואָס רעדסטו שאָפּ! ? אַ פרוי, וואָס האָט אַ מאַן, אַ הויז! ? חלשות... מיאוס!
עס וועט, חלילה, ניט געווערן אייביק — בעט ער זיך — ס'איז ביז אַ צייט!
אַ פּאָר מאָל האָט ער שוין געהערט איר וויינען באַדערנאַכט.
געהערט, געגריזשעט זיך און זיך ניט וויסנדיק געמאַכט...

אנומעלטן האָט ער פאר זיינע בחורים זיך אויסגערעדט דאָס הארץ:
ער האָרעוועט באַ טשארלין ווי אַ פערד. כסדר רויעט ער זיך
ווי אַ שטשור אין מיסט. אַ הונגעריקער שטשור אין מיסט!
און מאַכט קדחת, ווערט פארפינצטערט און פארשוואַרצט.
בכן, — האָט ער אַ שטיקל פּלאַן: ער ווייסט פון אַ נישקשהדיקן „ראָוד"
וואָס איינער מוז פארקויפן, נעבעך, צוליב געזונט...
מע קען דאָס קויפן אַ מציאה. האַלב אומזיסט, אומזיסט!
ער קען דאָס אָבער איינאַליין ניט הייבן... ווינציק געלט.
און אגב, — וועט ער זיך אַליין ניט קענען ספּראַווענען. סע שווער!

איז דרינגט ער, אַז עס וואָלט ניט זיין קיין קרומע זאַך,
זיי זאָלן אַלע דריי בשותפות קויפן דאָס — אַ קאָמפּאַניע!
מיט געלט וועט מען זיך שוין אַן עצה געבן ווי ניט איז.
אַביסל האָט ער. ס'איבעריקע וועט מען לייען... ניט קיין סך — — —
די יונגען האָבן בערן אויסגעהערט און זיך פאַרקלערט: —
זיי דאַכט זיך אויך אַז דאָס איז ניט קיין קרומע זאַך...
זיי רעכענען איינגיכן חתונה האָבן. אפשר טאַקע? פאַרט? — באַשערט! — — —

דער מסחר מיטן „צייטונגס־ראַוד" איז צוגעגאַנגען שנעל. און באַלד ווי בער
האָט דעם פּאַרקויפער אויף דער האַנט אָוועקגעלייגט דעם געהעריקן אַדראַף, —
האָט ער קיין רגע ניט פאַרלוירן און האָט טשאַרלין אָנגעזאָגט די בשורה, אַז —
ער גייט אַוועק. פאַרלאָזט דעם „יאַרד". ער ווערט אַ „ביזנעסמאַן"!
זאָל באַב... ער טויג זיך בעסער אויס פון אים צום „דזשאָנק".
אין זיינע רייד געקלונגען האָט — נצחון, טראַכטיגקייט און שטאָלץ.
דאָס אַלץ האָט טשאַרלי מיט זיין פּשוט־פּראָסטן שכל אָנגעטאַפּט...
— זאָל זיין מיט מזל! — האָט אים טשאַרלי צוגעווינטשעוועט,
דערלאַנגט די האַנט און לויטן מנהג פון די היימישע ירידים — צוגעקלאַפּט.
— און געלט? — פרעגט טשאַרלי שמייכלענדיק — באַ בראָצקין, האַ?!
צי אפשר האָט דיר עלקע, פון דער היים אין זאַק געבראַכט? — —
— אַוודאי... יאָ... געבראַכט — לאַכט בער — נאָר ניט קיין געלט..
טאַ, זיי זשע טאַקע, ווי מע זאָגט, אַ גוטער־ברודער... לאָמיר זען?
דערלאַנג אַ גמילות־חסדל... עס פעלט מיר אויס... אַ קורצע צייט...
— גראָד איצטערט האָב איך ניט. נאָר, — טאָמער וועסטו מוזן פאַרט?...
וועט מען זיך שוין אַן עצה געבן ווי ניט איז. עס עקט זיך ניט די וועלט!...

אויף מאָרגן נאָכן שמועס האָט באַב באַוויזן זיך אין „יאַרד".
דאָס מאָל האָט טשאַרלי באַבן פאַרגעשטעלט פאַר בערן: — זייט באַקאַנט.
דער שוואַרצער באַב האָט אויסגעשטרעקט אַ שוואַרצע בוימעלדיקע האַנט,
איז בער געקומען אים אַנטקעגן מיט אַ ברויינער, האַרטער לאַפּע, ווי אַ קלאָץ;
מיט ווערטער — גראָטן אין דער לאַפּע, וואָס ער האָט צום שוואַרצן אויסגעשטרעקט.
דער שוואַרצער באַב האָט ניט פאַרשטאַנען קיין איינאיינציק וואָרט.
אַלס ענטפער האָט ער נאָר געכאַפּט זיך פאַרן בויך און זיך אַזוי צעלאַכט,
אַז בער האָט זיך דערמאַנט... און נאָכאַמאָל האָט אים זיך אויסגעדאַכט —
אָט, — בייסט ער שוין, צו־אַלדע שוואַרצע יאָר, די אויערן זיך אָפּ...
אָט, — שלינגט ער אין אַליין זיין אייגענעם קירבעסדיקן קאָפּ

# הצלחה

אווּרעמעל און מנשה האַלטן בערן ווייט פון צייטונג־„סטענד״:
זיין ענגליש איז ניט אַקוראַט, די תנועות זיינע און — די באָרד, —
כאַטש היפּש ארומגעגריזשעט, איז — אַ „וויסקערס״ פאָרט!...
די געגנט איז אַן „איירישע״ און „איירישע״, בטבע, האָבן פיינט אַ באָרד...
דערפאַר איז אָבער בער אַ מאַדים, ווען עס קומט צום „ראָוד״.
דער ברייטער רימען אויף די ברייטע אַקסלען לאָפּנעט שיר
פון די פּאַפּירן וואָס ער שפּאַרט אריין אין אים.
נאָך בער איז שטאַרקער פונעם ברייטן, לאַנגן לעדער־פּאַס: —
אַ באַרג מיט צייטונגען מאַרשירט נאָך האַלבער נאַכט אליין אין גאַס.
עס הילכן אין דער שטילקייט אויסגעמאָסטן זיינע פעסטע טריט;
פאַרלויפן אַלעמאָל דעם מילך־מאַן אינדערפרי דעם וועג...
ער קען שוין אַלע טרעפּ און שוועלן פון דער לאַנגער גאַס;
געדיינקט די קאָרידאָרן און אַלעען, איז אין יעדן ווינקעלע געניט.
און וואָס ער זעט זיך אָן אין טונקעלע קאָרידאָרן, — גאָט באַהיט!...

ווי גוט איז אים אליין פאַרטאָג, ווען אויס דער נאַכט,
דורך לעצטע שאָטנס, ווי פון אונטער דרערד אַ קראָט,
פּאַמעלעך קריכט ארויס פון נעפּל, צו דעם בלויען ליכט, די שטאָט.
און ער, — דער ערשטער און דער איינונייניציקער,
וואָס וועקט די שלאָפנדיקע גאַסן מיט זיין הילכנדיקן טראָט.
ער איז אליין דער זייגער און דער האָן פון שאָטנדיקער גאַס.
לויט זיינע טריט זיך צינדן פייערלעך אין טונקלע פענצטער אָן,
און קוימענעס צערויכערן זיך אריבער פייכטע דעכער אינדערהויך;
די טורם־זייגערס קלינגען, לויט זיין פּינקטלעכקייט, די שעהען אויס;
די מאַמעס האָדעווען די קינדער און די בלאָנדע „דאַמען״ לאָזן פאַר די שוועלן
די קאַרנאַסע, מאָפּסעוואַטע הינטעלעך ארויס...
און ער, — מיט פעסטע טריט, — געמאָסטענע —

גאַס איין,
גאַס אויס,
גאַס איין,
גאַס אויס!

אים איז אפילו ליב די ציטערדיקע בייִנקעניש וואָס ער דערפילט
צום בעט און צו דער וואַרעמקייט מיט וועלכער עלקע ליגט ארומגעהילט...
אליין אין גאַס!... אַ ווינטעלע פאַרטראָגט אַמאָל צום נאָז
אַ ריח פון קילער ערד... דעם אַראָמאַט פון פייכטן גראָז...
ער הערט אַמאָל דאָס שאַלנדיקע קרייען פון אַ בלודנעם האָן,

וואָס האַלט זיך ערגעץ אויף אין אַ פאַרוויסטן שטיבל אין דער לעצטער פאַרם...
פאַרנעמט אַמאָל דאָס מעקען פון אַ ציג אין לעצטן שטאַל, פאַרבליבן נאָך אין גאַס: —
אַ ווילדער חידוש, וואָס אַן איינגעשפּאַרטע באַבע האָט פאַרהאַלטן נאָך,
כדי די גאַסן־קינדער זאָל האָבן וואָס צו מוטשען און פון וואָס צו מאַכן שפּאַס...

קומט שבת, צוועלף באַנאַכט, — נעמט בער זיך וועקן זיינע זין:
— שטייט אויף צו סליחות! — זינגט ער אויס חזנותדיק.
די יונגען גענעצן, זיי פילן זיך פון ווערעמען געלעגער אויפצושטיין.
באַ „ברוקלין־ברידזש", אויף וויליאַמס גאַס, איז ער דער ערשטער יעדן אינדערפרי.
די נאַכט פון שבת קומט ער ווען דער צייטונג־סקלאַד איז נאָך פאַרמאַכט
ער וויל כסדר זיין דער סאַמע ערשטער מיט די צייטונגען אין גאַס;
דער ערשטער פאַרטיק ווערן מיטן פאַלדעווען די זונטיק־צייטונגען באַנאַכט.
און קיינער קען ניט הייבן פּעק מיט צייטונגען אַזוי ווי ער.
די שקאָצים קוועלן אָן. מע קלאַפּט אים אין די פּלייצעס און מע רופט אים — בעררר!

און דאָס געשעפט האָט זיך צעוואָקסן אונטער זיינע הענט.
די קונדן מערן זיך. ער האַנדלט שוין הורטאָוונע אויך:
די סוחרים פון די „קענדי־סטאָרקעס" וועמען ס'קאָנפינירט ניט אויפצושטיין באַנאַכט;
וואָס האַלטן נאָר פאַר יוצא וועגן צייטונגען פאַר זייער טיר —
פאַרקויפט ער סחורה מיט אַ קליינעם רווח: — שאַט ניט. וואָס? —
פון קלענערע פאַרדינסטן ווערט מען ניט בדלות, גאָט באַהיט.
אָט, — וויפיל מע פאַרדינט — אַבי געמאַכט. אַבי געמאַכט!

און עלקען זעט ער רעכט ערשט זונטיק, שפּעט, נאָך האַלבן טאָג.
ער טרייסט איר: עלקע־קרוין! עס וועט ניט נעמען לאַנג...
געשעפט פאַרבעסערט זיך. דו מעגסט זיך שוין געזעגענען מיטן שאַפּ.
עס וועט דיר גאָר ניט פעלן, ׳ם ירצה ׳שם... אָט אַלץ וואָס איך פאַרמאָג — —
— עס פעלט מיר איצטער אויך קיין זאַך ניט, בער —
שלאָגט איבער עלקע — און דער שאַפּ איז מיר ניט שווער.
— דאָס וועלן מיר שוין שפּעטער זען! — לאַכט בער, פון נחת אַ צעשמאָלצענער.

און אַז ס'איז דאָ אַ זון: אַ זונטיקדיקע און די זון נעמט אונטערגיין פאַרנאַכט.
און לעבן אים, אַרומען טיש, — די קינדער און די צוקונפטיקע שניר...
איז פילט ער, אַז די זון וואָס גייט איצט אונטער —
גייט סך־הכל אויף אין אים. און ער צעוויינט זיך שיר.

# אַ ווינקל

וואו עלקע ארבעט, אינעם „לײדיס װײסט קאָ־אָפּערײטיװ שאַפּ",
איז איצט אַ שטיקל סאַמאַטאָכע: יעדער אײנער זיצט
מיט אַ פּאַרקילטן שמײכל אױפֿן פּנים באַם מאַשין.
דעם רױטן ביבערמאַן האָט זיך פֿאַרגלוסט אַביסל שפּאַס...
און אין דער אמתן האָט ער, חלילה, גאָרנישט ניט געמײנט.
נאָר דער פּרומאַק, טשאַבאַרעװסקי, מיט דער צעקעמטער ברײטער באָרד
און סאַמעטענעם קאַפּל, ליגט איצט מיטן קאָפּ אױף דער מאַשין און װײנט!

סך הכל גײט דאָ אום אַ לעבערל. צו יעדן מיטאָג שיקט דער רױטער ביבערמאַן
דאָס אינגל פֿונעם שאַפּ אין יאַטקע, װאָס אױף טשעסטער נאָך אַ לעבערל.
טשאַבאַרעװסקי איז זיך מתקנא אינעם לאַנדסמאַן, יעדן מיטאָג צײט:
װאָלט אױך אַ בעלן זײן פֿאַרזוכן און הנאה האָבן פֿון אַ לאַקאָטקע, אַמאָל.
— דו װילסט?! — כאַפּט ביבערמאַן זיך אָן — כ'טראַקטיר דיר... איך באַצאָל!

טשאַבאַרעװסקי זאָלצט אױס דאָס לעבערל און בראָט עס אױפֿן פֿײער־פּליט.
ער עסט מיט זשעדניקײט... קאַלופּעט מיטן מעסערל די צײן
און נעמט זיך בענטשן שטילערהײד. דער רױטער ביבערמאַן
צעלאַכט זיך אױף אַ קול. דער שאַפּ און אַלץ ארום אים קװעלט...
טשאַבאַרעװסקין האָט זיך דאָס בענטשן, װי אַ בײן אין האַלז געשטעלט.
דאָס אינגל, — מיט אַ קינדערשער כונה אױסצעפײנען זיך, האָט אױסגעזאָגט:
— דאָס לעבערל איז פֿון אַ גױשן „בוטשער שאַפּ".
דאָס אינגל האָט קײן בײז, חלילה, ניט געמײנט.
איצט ליגט טשאַבאַרעװסקי, אַ פֿרומער איד מיט אַ צעקעמטער, ברײטער באָרד,
אױף דער מאַשין. דאָס סאַמעטענע קאַפּל ציטערט אױפֿן שפּיץ פֿון קאָפּ,
די אַקסלען טרײסלען זיך באַ אים װי פֿון קדחת און — ער װײנט!

אין װינקל שטײט אַן ארון קודש, װאָס די חברה שערי צדק האָט אװעקגעשטעלט.
אין הײליקע שבתים און יום־טובים װערט אַ מקום קדוש פֿונעם שאַפּ.
דאָס װײסע זײדענע פּרוכת, װאָס פֿאַרדעקט דעם ארון קודש און די רײניקײט,
צעפֿלאַטערט זיך מיט שטילער מרה שחורה אױפֿן אידנס צער:
אױך זי איז מען מבֿיש דאָ... די עופֿות װאָס בלאָנקען זיך
ארום אין הױף, באַזעצן טומאה הענט דאָ אױבן אױף דער קרױן
פֿון אָרון קודש, נאַכט נאָך נאַכט, װי אױף אַ סידעלע...
כדי דאָס הינער־מיסט באַפֿלעקן זאָל איר זױבערקײט.
ערשט לעצטן פֿרײטיק האָבן װידערשפּעניקע מיט אױסגעשמירטע הענט, —
פֿון שװאַרצער טאַשמע אױסגענײט אַ צלם אױף איר ליכטיקײט.

די שכינה האָט אַ גאַנצע נאַכט געוויינט, געפלאָטערט ווי
אַ ניט דערקוילעט טייבעלע אין די פאַרשמירטע, טומאה ווענט.

אין אָוונט, נאָך דער ארבעט, האָט זיך עלקע אויפן רויטן ביבערמאַן
ארויפגעכאַפּט: — פּאַסקודנע, פע! אַזעלכעס קען נאָר טון אַ כוליגאַן!
— אַ נייע גבאיטע! — לאַכט ביבערמאַן — ווי ס'ווערט דאָ פרום! אַ גאַנצער לייט!
גענאָסע דושקינס רביצן!... ער לערנט דאָך מיט איר דעם אַנאַרכיזם, יע!
באַרימט זיך אַז ער האַלט מיט איר שוין אויף אַ לאַד... שוין היפּשלעך ווייט!...
דו ווייסט כאָטש אַז ער האָט אַ צווייטע רביצן, אין דרהיים, אויף יענעם זייט? — —

נאָך האַלבער נאַכט, אַז בער איז שוין געשטאַנען אינעם רימען איינגעשפּאַנט,
האָט ער באַמערקט ווי עלקע ליגט אויף איר געלעגער שטום און וואַך.
— וואָס איז דיר, עלקע?! — פרעגט דערשראָקן בער — חלילה קראַנק!?
— סע גאָרניט! — שמייכלט עלקע — מער ניט, — אויפן האַרצן איז מיר עפּעס פּע..
— געשיקט זיך אַז????... אוודאי... נו?!... ער פילט זיך נאָך בכח!
צעשמייכלט זיך דאָס פּנים בערס און עפּעס נעמט שאַריען אים אין מוח...

די נאַכט איז סיפּקע, קרישלדיק און שאַרף. און בער? —
די ברוסט פאָראויס ארויסגעשטעלט, דאָס מויל צעעפנט ברייט, —
אַ הונגעריקער שלינגט די נאַכט־לופט שטיקער־ווייז.
ער האָט הנאה פון דער נאַכט, פון זיך, פון אַלץ ארום.
ער פילט ווי עפּעס וואַקסט פאַנאַנדער זיך אין אים, ווערט גרויס;
צעצווייגט זיך און דערלאַנגט אַ שפּאַר ארויס, ארויס!
און גאָרניט פילנדיק אַליין, — צעזינגט ער זיך

פיד האָראויאו, קאמינאויאו,
האלובי ליטייאוט,
האלובי ליטייאוט.
יא שטשע ראָקי נע זאזנאוו, —
ווזשע ליטא מינאייאוט,
יא שטשע ראָקי נע זאזנאוו, —
ווזשע ליטא מינאייאוט!

# ערב־רב

דער סוד, וואָס שיינע האָט געטראָגן אונטערן האַרצן, איז שוין מער קיין סוד.
און נחמן גוואַלדעוועט: אויב דאָס וועט זיין אַ אינגל וועט ער עס ניט מל זיין.
אויף דעם, פאַרשטייט זיך, יאָמערט שיינע און יוכבד קוקנדיק אויף איר: —
אַ מזל פון אַ ווייבל, אָך און וויי איז, נעבעך, איר! אָך און וויי!
אלקנה לאָכט: — מע האָט דעם שיינעם צעצעליסט, דעם פילעזאָף — אין באָד!
מע וועט אים הערן אַקוראַט, ווי דעם פאַריאָרעדיקן שניי!

רב לייבישל, אַפּנים, האָט אַ שאַרפן חוש־הריח: האָט באַלד דערשמעקט — געשעפט! —
איז ער געוואָרן מיטאַמאָל אַ גאַסט אַן אָפטער באַ יוכבדן אין שטוב.
דער חשבון שטימט באַ אים: צווערשט איז, — שיינע... און דערנאָך —
די בנים, בערס. ער האָט אַ כלל: חתנים האָבן שטענדיק חתונה אין צייט...
אַמאָל נאָך פריער!
און בער אליין, — האָט ערשט געבראַכט פון דרהיים אַ ווייבל — בלוט און מילך!...
איז, קיין עין הרע, נאָך אַ קרעפּטיקער איד... עס טרעפט באַ לייט, עס טרעפט!
יוכבד, איז ער זיך משער, קען ניט האָבן... מחמת זי איז זייער פעט...
דערביי פאַרקריכט אַ אייגל זיינס צום צימער וואו עס שטייט,
אונטער אַ באַרג מיט בעטגעוואַנט, איר ברייט, מאַסיווע בעט.
— זיין ביילישע איז מאָגער ווי אַ כאָרט... ער טוט אַ לאַנגן זיפץ
און כאַפּט זיך, אַז עס מוז אוודאי זיין שוין זייער שפּעט.

אין דרויסן שנייט. יוכבד קוקט אין פענצטער און זי טראַכט:
עס וואָלט באמתן אַ גרויסער יושר זיין, — דער שניי זאָל גיין און גיין און גיין
און אַלע גאַסן פון דער שטאָט אַזוי פאַרווייען און פאַרשנייען, —
אַז דער גאַליצקע זאָל באַגראָבן ווערן און אַ חודש כאָטש
ניט קענען טרעפן ווי אַזוי מע קומט צו איר אין הויז אריין

באַ בערן גרייט מען זיך שוין צו אוורעמקעס חתונה,
וואָס דאַרף זיין ערב פּסח ערשט. די חתונה וועט זיין אין גרויסן „גאַריק האָל".
קאָסט וואָלול און דער אייגנטימער גיט נאָך צו אַ „באַרל" ביר.
אַן אָנגעדרולטער קוקט בער אויף זיין אוורעמקען און ער טראַכט:
— דעם פּרא אָדם פעלט אַזוי אַ ווייב, אַ צרה אויף זיין קאָפּ, —
אַשטייגער, ווי עס פעלט אים, בערן, אויפן סאַמע זיצער — אַ געשוויר!
עס ברענט באַ אים דער טייך!... קיין צייט ניט!... אָנגעשפּאַרט! — —
דאָס מיידל, — איז אים אויך ניט גאָר צום האַרץ — זיך אָפּגענאַרט!
אַ לאַנגער בעזעם מיט אַ געלער היטשקע שמעקעדיקער פּעטרישקע...
צוויי בריסטלעך, ווי די פייגן... און אַ פּנים פון אַן אויסגעמאָלטן געטש!
נאָר, — וואָס?! אַ טאַטע האָט באַ זיי אַ דעה אין אַמעריטשקע?

אין דרהיים וואַלט ער שוין אויסגעכאַפּט באַ אים אַ רעכטע פּאָרציע פּעטש!
פּאַרפאַלן, — מילא, — וואָס?!

אין "גאַריק האָל" איז ליכטיק, לאָמפּן ברענען מאַט און שפּיגלען זיך
צעפּלאָסן אינעם געל־געוואַקסטן דיל; אויף פּליכעס און לאַקירטע שיך.
די קלעזמער רומפּלען נאָך לעת עתה אין דער וועלט אריין. אָן ברען.
און איינזאַם פּאָרל אויפן שפּיגלדיקן דיל פּרובט אויס אַ נייעם וואַלס
און אין אַ ווינקל שושקען זיך דריי אַלטע ווייבער אינדערשטיל.

די חתן־כלה, — זיצן שוין ווי מידע הינער אויף אַ סידעלע.
אריבער זיי — אַ קראַנץ פון דריבנע לעמפּעלעך, פּיל־פאַרביקע,
זיך בלענדן אין אַ מאַטן רעגנבויגן — טונקל ברענט.
דער חתן — אין אַ שווארצן פראַק, גענומען אויף פּריקאַט,
און אין אַ גלאַנציקן צילינדער, ווי אַ קוימען; אין לאַקירטע שיך
אין ווייסע הענטשקעס אויף די רויטלעכע צערעפּעטע צוויי הענט
און אין אַ האַרטן שטייפן קאָלנער ביז די אויערן ארויף; —
פאַרפאַנצערט אין אן איבערגעקראָכמאַלעטער מאַנישקע אויפן האַרץ,
וואָס באַ דער מינדעסטער באַוועגונג פּאָרט זי זיך פאַנאַנדער און צעקנעפּלט זיך.
און ס'טוט אַ פּלאַם ארויס אַ רויט וואָליטשקן טאָפּל־ברוסטיק העמד...
ער קוקט זיך פלינק ארום, פאַרשפּילעט אויף דערגיך,
באַמערקט אַ שמייכלענדיקן אויג, ווערט צונטער רויט, פאַרשעמט...

די כלה, — אין אַ ווייסן אַטלעסנעם קלייד, גענומען אויף פּריקאַט,
אַ ווייסער שלייער פאַלט אריבער איר פאַררויטלטן געזיכט;
אַ וואַקסן קרענצל אויפן קאָפּ, — אָט, אָט צעשמעלצט זיך עס פון היץ
און נעמט ארונטערטריפן פונעם שטערן, ווי דאָס חלב פון אַ צאַנקענדיקן ליכט.

דער כלהס טאַטע־מאַמע האָט ערשט בער צום ערשטן מאָל היינט רעכט באַטראַכט.
דער טאַטע אירער — אַ דראַגונסקער איד מיט גרויסע, דיקע וואָנצעס צוויי,
אין שאָטן פון אַ בוראַטשקאָווער, בולבעוואַטער היפּשער נאָז.
די ליפּ, די אונטערשטע, — אַ מילציק־בלויע, הענגט אַ ברוגזע אראָפּ
און זעט זיך פון די שווערע וואָנצעס פּייכט און גלאַנצענדיק ארויס...
און רעדן רעדט ער, — וואָזשנע, אינדערברייט — אונגאַריש־דאַטש.
נאָך יעדער וואָרט, האָט ער אַ טבע, מיט דער באָדנע טאָן אַ צוויי דריי בלאָז:
הפּפּפּ, הפּפּפּ: ס'קען מיינען — היט זיך! ערשט פון קאָך! סע היים!...

די מאַמע אירע, — אַ ברייט־ביינערדיקע אידענע מיט שווארצע ציין.
און מחמת זי איז אויסגעמאָגערט, — הענגט אַלצדינג אויף איר —
דאָס קלייד, די הויט, דער בויך, די בריסט, דער קין.

פּיר און זיבעציק

א סאַמעטענע קופּקע אויסגענייט מיט פּאַצירקעס, פּאַרפּוצט מיט בלימעלעך
און סטענגעלעך, ליגט צוגעזאָטן איר צום אָפּגעגאָלטן קאָפּ,
וואָס ציטערט, שאָקלט זיך כסדר נאָר אויף ניין, אויף ניין . . .

— איז, — ווי געפעלן דיר די מחותנים דיינע, בער? —
דערהערט ער הינטער זיך אלקנהס קול —
דער טאַטע, עליו השלום, וואָלט פון זיי אוודאי אָנגעקוועלט.
— א דאגה מיר! — זיפצט בער — אבי דעם קדיש מיינעם, דאַנקען גאָט, געפעלט.

— ביזט כאָטש א מבין, בער, וואָס דו האָסט היינט אהער צענויפגעבראַכט?
גאַליציע, ליטע, פּוילן, אונגאַרן, אוקראַינע און — וואָס ניט? ! —
ציילט נחמן אויף די פינגער פון דער רעכטער האַנט און לאַכט!
די נאָענטע מחותנים בלאָנקען זיך אַרום אין זאַל און שמייכלען אָנגעשטעלט.
מע קוקט אויף חתן־כלה זשעדנע . . . מע דערמאָנט זיך און מע קוועלט . . .
און טשאַרלי? — ער איז שוין, באַצייטנס, היפּש מבוסמדיק, —
באַרימט זיך אַז ער האָט אליין שוין אויסגעטרונקען באַלד א „באַרל" ביר.
איז בלאָזט זיך גאָסי, ווי א בייזע אינדיטשקע אויף אים.
עס ווילט זיך אָבער טשאַרלין ניט פאַרלירן גאָר דעם חן בא איר,
איז צופּט ער איר באם גוידער, קיצלט איר אונטער דער פּאַכווע, לאַכט.
ביז וואַנען ער פאַרלירט דעם חשק צו געפעלן דער מרשעת
און לאָזט זיך גאָר אויף גאָטס באַראָט: ער טרינקט און שוויצט!
דער קאָלנער ליגט שוין א צעווייקטער, פּאַרעט היים אַרומען האַלז.
דאָס פּנים זשאַרעט אים . . . די אויגן — אָקסיק־גרויס און פייכט.
די לאַפּעס לאָזן זיך בא אים אַרונטער, ווי די פליגלען בא א קראַנקער גאַנז,
און ווער עס קומט אים נאָר אונטער דער האַנט איז ער
מכבד מיט א פּאַטש אין פּלייצע און א פרייַלעכן „העלאָו, טהער, שמאַלץ"!

דאָס שענסטע ווייבל אויף דער חתונה איז טאַקע עלקע, בערס!
דאָס ווייסע פּנים, עלקעס, רויזלט זיך אין שאָטן פון די שוואַרצע האָר,
די אָרעמס, נאַקעטע, זיך ווייסלען מאַטלעך־ראָז אין העלן ליכט;
די שולטערן, לייכט ענטבלויזטע — וואַרעם, ווייך און שנייאיק־קלאָר . . .
זי שוועבט אַרום אין זאַל, באַלייט פון זשעדנע אויגן מאַנסבילשע אָן שיר . . .
און בער, פאַרשטעקט וואו אין א ווינקעלע פון זאַל — א שכורער.
נאָר ניט פון משקה, — ער איז שכור־לוט — מיט איר!

רב לייבישל, פאַרשמייעט, ווי א שרעטעלע לויפט אום אין זאַל.
ער שמייכלט יעדערן אין פּנים ברייט, מיט אַלע ציין אין מויל.
די אייגלעך לויפן, זוכן, נישטערן, שטעלן אַלע וויל זיך אָפּ: —
— א פּאָרל! . . . א מעוברת ווייבעלע . . . ער שמעקט אַרום, דערוויסט זיך אַלץ.
פאַרשרייבט, באַהאַלט אין קעשענע: ער קען ניט טראָגן אויפן קאָפּ.

מנשה שלעפּט דעם גאַנצן אָוונט זיך אַרום מיט אַ געדיכט־געזעצטער, שוואַרצער מויד.
אלקנה זאָגט: זי האָט אַ טעם, ווי גוט געקנאָטן, אויסגעבאַקן קאָרן ברויט...
כאָטש נעם רייב אָן אַ ציינדל קנאָבל אויף איר פּרישטשעוואַטער הויט.

אונטער דער חופּה שטייט אוורעמקע, ווי אַ נאַר־וואָס אָפּגעמשפּטער צום טויט.
ער הערט רב לייבישלען זיך ציקלען איבער אים און — שוויצט.
דער שוויים פון אונטערן צילינדער פּאַלט און קויקלט זיך
אַרונטער אויפן פּנים, הענט און סדור, וואָס ער האַלט, ווי — שרויט!
— הרי את מקודשת לי — זאָגט פאַר רב לייבישל. אוורעמקע מורמלט נאָך.
ער שטאַמעלט, פּלאָנטערט מיטן צונג, פאַרהאַקט זיך אַלעמאַל.
אַן אויפגעריכטער ווערט ער ערשט, אַז ער דערפילט אונטערן זויל
דאָס קידוש־גלעזעלע. ער גיט אַ זעץ... די קלעזמער שפּילן אויף
אַ פרייילעכס און פון אַלע מיילער שיסט אַרויס, ווי פון אַן איינציק מויל: —
מזל טוב! מזל טוב! מזל טוב!

די קלעזמער רומפּלען פריילעכס איינס נאָך איינס.
דער עולם וואַרפט מטבעות אָן אַ חשבון שוין און טאַנצט.
אַ איד, וואָס קיינער קען ניט, וואַרפט פון זיך אַרונטער דעם פּיזשאַק.
די ווייסע אַרבל, אויפגעבלאָזענע, ווי פּענכערס שימערן אין ליכט,
צוויי גלאַנציקע לאַקירטע שיך מיט נייע זוילן לאָזן זיך אַוועק
אַ „טשאַרדאַש" און דער עולם פּלעסקעט מיט די הענט און קנאַקט

מיט די צינגער, מיט די פינגער.
גרינגער, פלינקער גייט דער טאַנץ.
און עס פאַלן הענט אויף פּלייצעס,
הענט אויף אַקסלען; קעפּ צו קעפּ.
און עס פלעכט זיך און עס העפט זיך
ענג און ענגער אוים אַ קראַנץ...
און עס וויגט זיך דיל און סטעלע,
און עס הוידען זיך די ווענט.
זשאַנדעלירן — שווינגען, קלינגען
אויסגעמישט מיט קלעזמער־קלאַנג:
פּיאַטעס, ליטקעס, הענט און פּאָלעס —
ס'גייט דער קאַראַהאָד אַ גאַנג!
און עס שמעקט מיט שוויים און בראַנפן,
און עס שמעקט מיט לייב און ווײַן...
און עס גיסט זיך און עס מישט זיך
קלאַנג מיט ריחות, פאַרב מיט שיין...
שטאַרקער, שטאַרקער, שטאַרקער,
שטאַרקער, שטאַרררררר — — —

זעקס און זיבעציק

אין טומעל הערט מען שוין פון אלע כלים נאָר ארוים —
דאָס בורבלען פונעם קעסל־פויק, דאָס בורטשען פונעם באַס.
דער עולם שטויסט זיך, אז די קלעזמער שפּילן אַ „פּלעסקון".
פארמישט אין קאראהאָד זיך פּלאָנטערט אַ פארלוירענע ארום
אַ בלאָנדע שיקסע, קענטיק זיך ארייגעכאפּט פון גאַס.
זי פּלעסקעט מיטן עולם, שמייכלט נארישלעך און ווייסט ניט וואָס צו טון...

טרא־טא־טא־טא־טא — — — — טרא־טא־טא!
טרא־טא־טא־טא־טא — — — — טרא־טא־טא!

אין דער צערייצטער פרייליעכקייט ווערט עלקע נעלם פונעם זאַל.
דער הייסער רעש, די שארפע ליכטיגקייט, — בלייבט הינטער איר,
ווי ערגעץ אין אַ ווייטן און געדיכטן וואַלד — אַ וואסער־פאַל.
אַ גרינער שטערן אינדערהויך, אַ סודותדיקער, מאַניעט, ווינקט, פארנארט:
פאראַן אַ פענצטער... און אין פענצטער ברענט אַ ליכט... און עמעץ ווארט...

אין זאַל, דער עולם שושקעט זיך, און בער, צעטראָגן, שמייכלט, מאכט זיך האריץ...
אַ שיכורער דערלאנגט אים טשארלי מיטן עלנבויגן אונטערן האריץ אַ שטויס:
— וואָס דאגהסטו, בולוואַן! אַ כלה כאַפּן די ניט גוטע אוים!
אַ ווייב, — דאָס נעמט אפילו דיר דער אשמדאי ניט צו!
טאָ, — שפּילט זשע קלעזמער, זאָל אַ רוח אין אייער טאטנס טאטן אריין! — — —
פאראנען זעק מיט בראנפן, רעשעטעם מיט וויין! — — —

אָט אזוי, אָט אזוי,
נארט מען אָפּ אַ חתן,
מע זאָגט אים צו אַ סך נדן —
מע גיט אים ניט קיין גראָשן.

אָט אזוי, אָט אזוי — — — —
— — — — — — —

## בלוי און ווייס

כמארנע נאַכט אין חודש אָדר.
ווינטער טאַנצט זיין לעצטן וויכער:
פלאַטערט אין דער נאַכט דער גרויער,
ווייסער פּוך אויף בלויע פּעכער.
פאַלט דער פּוך א ליכטיק־בלויער,
איבער פענצטער, גזימסן, טרעפּ און דעכער.

שטייט פון פּאָרצעליי א מויער.
א קרישטאַלענער, א בלויער
הויבט זיך אין דער נאַכט א טורם.
אויסגעשטערנט הענגט דער הימעל,
נאכן לעצטן טאַנץ פון שטורם,
איבער שטאָט און גאַס און דרימעל.

אינדערוויטנס בלינקט א שטערן: —
שטילער... יעדער רגע טייער!
באלד צעבלינצלן זיך אין פייער...
טויזנט פענצטער און דער כשוף —
וועט צעשווימען... נעלם ווערן...

שוין! — דער ערשטער שאָרך און שימער,
און דאס שטיין און שטאָל דערוואכט שוין,
און דער שד פון אומרו — לאכט שוין!

רעדער־רויש... סירענעס שרייען...
קוימענעס צום הימל שפּייען
שווארצן לייכעץ... און עס סרחעט —
ווארעם פלייש און בלוט און ביינער...

# אַ געשלעג

באַ נחמנען אין שאַפּ איז היינט פאַרנאַכט געקומען צו געשלעג.
די סטרייקער האָבן אויף די טרעפּ פון שאַפּ געכאַפּט אַ „סקעב"
און אים געשלאָגן מכות־רצח, אַ מינוט צום טויט!
די פּאָליציי האָט זיך אריינגעמישט און נחמן ליגט אין בעט
דעם קאָפּ ארומגעבאַנדאַזשירט, אַ שוואַרצן פּלאַסטער אויפן רעכטן אויג.
באַם בעט זיצט שיינע אַ פאַרוויינטע און זי הערט זיך איין:
— דער „סקעב" האָט זיך געבעטן: ער פאַרמאָגט אַ קראַנקע ווייב,
דריי פּיצלעך קינדער און אַ קאַלטן קעלער אָן אַ שטיקל ברויט...
נאָר ווער האָט אים געהערט! באַ וויפיל פון די אונזערע ליגט פאַר דער טיר,
חדשים שוין, אָט, — ווי אַ הונגעריקער וואָלף, די וויסטע נויט?! — — —
איר נחמן איז אוודאי גערעכט... ס'איז טאַקע אמת וואָס ער זאָגט.
נאָר, פאָרט, ווי נעמט מען עס אַ הונגעריקן מענטשן און מע שלאָגט?!
און ווער? איר נחמן!... עפּעס איז ניט קלאָר... זי קען ניט משיג זיין.
די נאַכט אויף אירע פענצטער ליגט אַ רעגנדיקע און דער לאָמפּ גייט אויס.
דער זייגער קלינגט. זי ציילט: שוין האַלבע נאַכט. זי דרימעלט איין.

איר חלומט זיך:
אַז בעטלער זיינען אָנגעפאַלן אויף אַ בעטלער ערגעץ אין אַ וויסטער גאַס.
געשליידערט אים צו דרערד. געטראָטן מיט די פיס. געבונדן און באַזוכט...
דער בעטלער האָט געוויינט, געבעטן זיך, געזידלט זיך, געפלוכט.
די בעטלער אָבער האָבן ניט געהערט... אַ וואַלד פון פויסטן הייבט זיך אויף
אריבער אים; וואָראָנע־נעגל רייסן פונעם נבזה שטיקער־וויין!
אויפאיינמאָל לאַכט דער בעטלער זיך פאַנאַנדער מיט אַ בלוט־פאַרשמירטער צונג.
דורך אַלע לעכער אין די שמאַטעס, וואָס דער בעטלער טראָגט אויף זיך, —
נעמט שטראָמען — אַ פאַנטאַן פון גרויע, הונגעריקע מייז.
די גאַס, די הייזער — מיט אַ שוואַרצער כמאַרע צוגעדעקט...
זיי קריכן דורך די קוימען־לעכער, פענצטער, שפּאַלטן, שפּאַרעס, — אומעטום!
אָט קריכן זיי ארײַן איר אין די אויערן, אין מויל, אין האַלז! — — —
אין חלום וויינט זי זיך פאַנאַנדער... נחמן כאַפּט זיך אויף...
נעמט גרינג באַ איר די האַנט פון האַרץ אַראָפּ און וועקט זי אויף פון שלאָף.
אַ מידע דרימעלט שיינע ווידער איין. דערלאַנגט אַ ציטער, כאַפּט זיך אויף,
און דרימעלט ווידער איין: —

אַ טונקעלער וואַלד. אַ וויסטער וועג.
אַ שוואַרצער רייטער אויף אַ ווייסן פערד.
דער רייטער רייט און רייט און שטעלט זיך אָפּ:
אַ גרויער פעלז. אַ שוואַרצע הייל. באַם שוועל פון הייל —
דריי קאַרליקעס מיט לאַנגע, רויטע בערד.

דער רייטער קריכט פון פערד אראָפּ,
גיט דריי מאָל מיט די הענט אַ פּאַטש: —
איין קארליק נעמט דאָס פערד באַם צוים,
דער צווייטער — בינדט עס צו צום בוים,
דער דריטער פאַלט אים צו די פיס
און קושט פון מאַנטל אים דעם זוים.

דער רייטער האָט אַ קינד געבראַכט —
געגנבעט ערגעץ אין דער נאַכט —
ער גיט באַניים דריי ליכטע פלעסק:
איין קאַרליק טראָגט אריין אַ וויג,
דער צווייטער — ברענגט אַ ווייסע ציג,
דער דריטער — ברענגט פון וואַלד אַ וואָלף,
מיט אויגן רויט און הונגעריק...

דער רייטער נעמט פון טאַש ארויס
דריי נים און מישט אין האַנט זיי אויס:
— דער שווארצער פון די דריי — געווינט!...
דער נום וואָס פאַלט באַ איינעמס פיס —
באַשטימט דעם גורל ווי ער איז...
איך שטעל אין קאָן פון שפּיל — דאָס קינד!

ער מישט די נים און מישט זיי אויס,
און קייקלט זיי אויף דרערד ארויס.
איין קאַרליק קוקט זיך איין מיט שרעק,
דער צווייטער דרייט דעם קאָפּ אַוועק,
דער דריטער, — רייבט די הענט און קוועלט...
דער וואָלף באַלעקט זיך, דרייט דעם עק...

דער רייטער גיט דריי הויכע פלעסק:
איין קאַרליק נעמט פון וויג דאָס קינד,
דער צווייטער — וואויעט ווי דער ווינט,
דער דריטער טוט אַ לאָז דעם וואָלף — — — —
דער רייטער טוט אַ סווישטש... פארשווינדט!
פארציטערט כאַפּט זיך שיינע אויף —
עס וואויעט אויפן גאַס אַ הונט
און אינעם קוימען וויינט דער ווינט...

# טומאַן

דער צונאָמען וואָס ביבערמאַן האָט עלקען אָנגעטשעפּעט — האָט זיך צוגעקלעפּט...
אין שאַפּ, אין גאַס, אין הייזער נאָנטע האָט דער נאָמען „דושקינס רביצין" — געלעבט.
די „שווינערייַ" האָט דושקינען געקריינקט, אין אַ רציחה אים ארייַנגעבראַכט.
מיט עלקען דוקא איז געווען פאַרקערט. זי האָט דערפון געהאַט הנאה, אָנגעקוועלט.
דער נאָמען „דושקינס רביצין", ווי איר האָט זיך געדאַכט, —
האָט איר דערנענטערט צום חנעוודיקן, שיין־געקרייזלטן ברונעט.

באַ עלקען האָבן לעצטנס זיך באַוויזן ביכער אידישע,
וואָס דושקין האָט פונאירטוועגן אָפּט פון ביבליאָטעק געבראַכט.
זי האָט אליין געפּריוווט זיך אָפּצופרישן ס'ביסל רוסיש וואָס זי האָט
אַמאָל, נאָך מיידלוויז, באַ זיך אין טראָסטענעץ, געקענט.
מיט דושקינס הילף האָט זי זיך אָנגעהויבן לערנען ענגליש אויך,
געפליסט זיך ריידן „שיין" און האַלטן זיך „אינטעלעגענט"...
און דושקין פלעגט זי טאַקע נעמען אָפּט צו לעקציעס אין זיין קרייז,
צו אָוונטן, קאָנצערטן וואָס זיין אייגענע פּאַרטיי האָט אַראַנזשירט,
און ברענגען איר אַהיים, געוויינטלעך שפּעט, אַמאָל נאָך האַלבער נאַכט,
פאַר וועלכן זי פלעגט בערן דאַרפן געבן דין וחשבון... ליגנערן...
פאַררייַדן אים די ציין מיט נאַרישע תירוצים, מעשיות ניט געראָטן צוגעטראַכט...
וואָס בער האָט ניט געגלויבט און פלעגט דעריבער ווערן ווי אַ גזלן בייז,
און קלאַפּן מיטן פויסט אָן טיש, דערמאָנען איר דעם שיינעם יחוס־בריוו
פון עלטער־עלטער־זיידן ביז צום טאַטן, דעם פּאַסקודנעם ליוועראַנט...
אויף דעם פלעגט עלקע ענטפערן מיט טרערן, וויבערשער היסטעריקע,
און סטראַשען אַז זי וועט זיך נאָר דאָס לעבן נעמען... אַז זי וועט —
אים איבערלאָזן און אַנטלויפן אין דער וועלט אריין... פאַרקלאָגן אויף אַ גט!
אַנטקעגן דעם האָט בער קיין וואָפן ניט. איז טוט ער בלויז אַ כאַפּ
דאָס בינטל שטריק פאַר זיינע ציטונגען, דעם ברייטן רימען־פּאַס,
און לויפט ארוים פון הויז, דערלאַנגענדיק אַ קלאַפּ נאָך זיך די טיר,
אַזוי, אַז אַלע פענצטער טוען אַזש, ווי פון אַ דונער, מיטאַמאָל אַ בריאַזג.
אינדרויסן, פון די שטיינערדיקע טרעפּ אַראָפּ, דערלאַנגט אַ הילך:
עס קייקלען זיך אין גאַס אַרונטער קאַנען בלעכענע און פלעשער מילך, —
און אַלצדינג, וואָס עס קומט אים נאָר אונטער די פיס.
אפילו דער געפאַרבטער הילצערנער אינדיאַנער פאַרן טאַבאַק־„סטאָר" —
כאַפּט אויך זיין פּסק... מיט אַ געקילטן האַרץ דערלאַנגט ער אַ געשמאַקן שפּיי,
כאַפּט הינטערווילכס אַ קוק צו יאָגט מען אים ניט נאָך
און לאָזט זיך גיין מיט איילנדיקע טריט דער שלאָפנדיקער גאַס פאַרביי...
אַ היפּשע צייט אַזוי־אָ הערט ער ווי עס קלינגט אים אין די אויערן
דאָס הילכן פון די לערע קאַנען אויפן ברוק, דאָס שאַרפע פלעשער בראַזגעריי.

און עלקע, נאָך אַזעלכע קריגערייען — פֿלעגט מער ניט שלאָפֿן שוין.
זי פֿלעגט פֿונדעסטוועגן הנאה האָבן פֿון דער זאַווערוכע וואָס דער ווילדער בער
פֿלעגט לאָזן הינטער זיך. מיט צוגעמאַכטע אויגן, אין דער פֿינצטערניש,
פֿאַרגלייכט זי דושקינען מיט יענעם דאָרפֿישן, מגושמדיקן איד — „איר מאַן״!
און דושקינס פּנים שווימט אַרויס פֿאַר אירע אויגן אין דער נאַכט אַריין —
אין אָנגעצונדענער לאָמטערן אין אַן אָסיען־נאַכטיקן טומאַן...

די קריגערייען ווערן אָפֿט און אָפֿטער, היציקער פֿון טאָג צו טאָג.
ביז איינמאָל, נאָך אַ ווילדער קריגעריי, האָט עלקע, פֿון דער העלער הויט,
אַוועקגעחלשט און מען האָט איר אָפּגעמינטערט קוים. געראַטעוועט פֿון טויט...
אַ שטאַרק צעשראָקענער האָט בער דעם נאָנטסטן דאָקטער פֿון דער גאַס געבראַכט.
דער דאָקטער האָט איר אויסגעהערט... און בערן אָנגעזאָגט די בשורה אַז זי טראָגט...
אַ פֿינצטערער, מיט אויגן אויסגעלאָשענע האָט בער דעם דאָקטער אָנגעקוקט,
די פֿינגער אויסגעקנאַקט, אַ שלונג געטאָן און גאָרנישט ניט געזאָגט.
מיט עלקען האָט ער זיך געשראָקן עפּעס בלייבן אויג אויף אויג אַליין:
ער וויל צום אַלעמערשטן זיך פֿאַנאַנדערקלייבן און פֿאַרשטיין...
ווי שיקט זיך עס?... ווי קען עס זיין?! אַ וויסטער חלום... ניין!

די קונדן אויפֿן „ראָוד״ געגומען האָבן זיך באַקלאָגן, אַז
זיי קריגן ניט די צייטונגען אין צייט. אַז אָפֿט פֿאַרפֿעלט ער גאָר...
מאַכט מיאוסע טעותן... די בנים האָבן אים אַ פּאָר מאָל אויסגערעדט...
דער אַלטער האָט געסטאַרעט זיך... געוואָלט פֿאַרדעקן יעדן סליאַד,
וואָס קען נאָך, חס־ושלום, פֿירן צו דעם מינדסטן חשד:
ער מוז זיך, קודם כל, מיישב זיין... פֿאַנאַנדערפּלאָנטערן זיך אין קנויל...
מוז קומען צו די אייגענע גערדאַנקען. מאַכן ווי ניט איז אַ שטיקל לאַד...

נאָך יעדער קריגעריי, אין טאַטנס שטוב, ווערט מלכה נעלם אויף אַ צייט.
זי קלייבט זיך איבער צו דער מומען ביז די זאַווערוכע גייט פֿאַרביי.
פֿון מלכהס פּייכט־פֿאַרזאָרגטע אויגן שטויסט זיך שוין יוכבד אָן,
וואָס אינעם ווייסטן הויז, באַ בערן, האָט זיך אָפּגעטאָן.
זי מאַכט זיך אָבער גאָר ניט ווייסנדיק: — ניט איר געשעפֿט...
נאָך וועטשערע, העלפֿט מלכהלע דער מומען איבערוואַשן דאָס געשיר.
יוכבד, מיט אַ פֿולן פֿאַדעלעך מיט שקאַרפּעטקעס, אַ ביימוועל־קנויל אין האַנט,
אַ מידע זעצט זיך צירעווען באַם לאָמפּ. אלקנה מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל,
פֿאַרקלייבט זיך אינעם ברייטן „ראָקינגטשער״ און פּיפּקעט שלעפֿעריק און פֿויל.
און הירשל, מיט אַ היפּשן סטאָס פֿון ביכער, ביכלעך און פּאַפּיר,
פֿאַרשווינדט צו זיך אין אַלקער און פֿאַררינגלט הינטער זיך די טיר.

דאָס מאָנאָטאָנע טיקן פֿונעם אַלטן זייגער אויף דער שאָטנדיקער וואַנט,
ווי פֿוילע רעגנטראָפּן פֿאַלן אין דער שלעפֿערדיקער שטילקייט און

אַ מידקייט גיסט פֿאַנאַנדער זיך אין מלכּהס גלידער און זי דרימעלט איין.
נאָך האַלבער נאַכט, אַז הירשל גייט פֿאַרביי, וואו מלכּה שלאָפֿט, —
פֿאַרטשעפּעט זיך זיין זשעדנער בליק אָן מלכּהס דרימלענדיק געזיכט...
פֿון גאַס־לאַמטערן, דורכן פֿענצטער, פֿאַלט אַרונטער אויף איר בעט,
ווי דורך אַ שיטערלעכער זיפּ, אַ ברייטע פּאַסמע בלוילעך־ווייסע ליכט.
צעשאָטן אויפֿן קלאָרן קישן וויגטלט זיך געקרייזלט אירע שוואַרצע האָר,
דאָס מאַטלעך־ראָזע פּנים בליט און רויטלט זיך אַנטקעגן שטילן שיין,
פֿון הינטערן דינעם נאַכט־העמד בערגלען זיך ווי רונדע עפּלעך
די מיידל־שטייפֿע בריסט, די יונגע גלידער טאָקן זיך אונטערן דעק
און שמעקן מיט אַ זיסער וואַרעמקייט... און פֿון די שוואַרצע קרויזן האָר, —
פֿון ווייסן קישן, בעטגעוואַנט, פֿילט הירשל, ווי עס שמעקט...
שוין דרימלענדיק דערפֿילט ער ווי עס מאַנט... עס ציט און נאַגט...
אַ האַנט אַ גרינגע שפּירט ער וויגט אים, טאָרעט, וועקט...
ער מאַכט די אויגן אויף — די מאַמע שעפּטשעט שמייכלענדיק:

שטיי אויף, מיין קינד, עס טאָגט.

# ברושקע די „ציגאַנקע“

די לאַנדסלייט, דושקינס, האָבן זיך דערוואוסט,
באַציִיטנס, פון זיין נייער, לעצטער ליבעניש... און זיך דערמאַנט,
אַז ער האָט אין דער היים אַ יונגע פרוי מיט פּיצלעך קינדער צוויי,
און אַז דאָס ווייבל שרייבט צו לאַנדסלייט און באַקלאָגט זיך, אַז
ער האָט לחלוטין שוין פאַרגעסן זיך אָן זיי.
און ברושקע, די „ציגאַנקע“, דושקינס ווייבס אַ שוועסטערקינד
און אַ געטרייע חברטע פון דרהיים, האָט זיך גענומען שטאַרק מתעסק זיין
מיט דעם, אַז לאַנדסלייט זאָלן עפּעס טאָן... און טאַקע שוין, — אַצינד!

אויף שמחות, צווישן לאַנדסלייט, אייגענע, איז ברושקע שטענדיק דאָ.
און דאָרט וואו זי געפינט זיך גייט שוין כּאַדראַם דאָס הויז.
און מחמת זי האָט שוין דעם שם אַלס די „ציגאַנקע“, — פלייסט זי זיך
און טראָגט כמעט כסדר אַזאַ ווייסע בליוזקע אויסגענייט
מיט ווילד־פאַנטאַסטישע אוזאָרן, בונטע קווייטן אַלערליי;
די דיקע שוואַרצע צעפּ פאַרפלאָכטן מיט קאָלירטע סטענגעלעך
און אויף אַ זייט פון חנעוודיקן קאָפּ — אַ רייפע, פייער־רויטע רויז.
און פונקט ווי איר ציגיינער־בליוזקע, צעפּ און רויטע רויז, —
די לוסטיקע ציגיינער־לידער, וואָס זי טרילערט — זענען אַלט.
דער עולם האָט די פריילעכע ראָמאַנצן שוין געהערט אוודאי הונדערט מאָל
און הערט זיי ווידער, האָט הנאה פון דאָס ניי...

די לאַנדסלייט, דושקינס, סודען זיך און שמייכלענדיק, —
פאַמעלעך שטעקט מען אין די קעשענעס די הענט: — פאַר ברושקעס „פאַנד“...
מיט וועלכן לאַנדסלייט וועלן ברענגען דושקינס ווייב אַהער...
און קוציע קאָוואַל, וועמען לאַנדסלייט קענען ניט באַזייטיקן...
קנוילט אויף אַ האַרטן פּויסט און זעצט אין טיש אריין און שרייט:
— גענוג געבריקעוועט! שוין צייט ארויפצושלאָגן פּאַדקאָוועס...
אריינטאָן אים אַ ציימעל, אָנטאָן פּאַסטעראָנקעס... „אָלערייט“!

דעם טאָג וואָס ברושקע האָט פון דושקינס ווייב
אַ בריוו דערהאַלטן, אַז זי איז שוין אויפן וועג, —
האָט זי גענאַדן אַלע לאַנדסלייט און בתוכם — דושקינען,
אויף סתם אַ גלעזל טיי, נאָך וועטשערע, בײַ זיך אין הויז.
ווי שטענדיק אין דער בונטער בליוזקע און די שוואַרצע צעפּ
פאַרפלאָכטן מיט קאָלירטע סטענגעלעך; אין קאָפּ די רויטע רויז —
באַגריסט זי אירע געסט מיט אַ געממזרט, שעלמיש שמייכעלע,
ווי איינער רעדט: — ס׳איז רעכט... פאַרלאָזט זיך שוין אויף מיר!

פיר און אכציק

אַז ברושקע האָט געהאַט שוין אויסגעזונגען די ראָמאַנצן די ציגײַנערשע, —
האָט דושקין זיך, אַ היפּש פאַרשפּעטיקטער, באַוויזן אויפן טיר.
דער עולם האָט אים אויפגענומען מיט אַ רוישיק, פריילעך פּאַטשעריי,
פון וועלכן ער האָט זיך דערפילט געשמייכלט שטאַרק;
דערפילט זיך אויפגעוואַרעמט, היימיש צווישן מענטשן אייגענע,
פון וועלכע ער האָט זיך, אָן אַ פאַרוואָס, דערווייטערט, אָפּגעפרעמדט.
אין אָנהייב האָט ער זיך געפילט אַביסל פריקרע. עפּעס זיך געשעמט...
נאָר שפּעטער־צו, בעת ברושקע האָט, וואָוילי־וונגעריש, גענומען זיך
וואָראָזשען, וואַרפן קאָרטן, לייענען דאָס מזל אויף די הענט, —
האָט דושקין מיט אַ חדוה אָנגעבאָטן איר אליין זיין דעליקאַטע האַנט.
דאָס ווייסע הענטל דושקינס האָט אין העלן ליכט געטאָן אַ שעמעריר, כמעט אַ בליאַסק.
באַ קוציע קאָוואַל יאַוועט זיך אַ חשק: — אי, וואָלט ער אַ בעלן זיין
אַרונטערלאָזן אויפן ווייסן הענטעלע, אַזוי, — אַ פייערדיקן פּראַסק!
עס זאָל אַזש טאָן אַ זשאַרע ווי אַן אָנגעגליטע פּאָדקאָווע אין רויטן פלאַם...
נאָר ברושקע ווייסט ניט וואָס דער קאָוואַל טראַכט. זי עסט זיך איין
מיט ביידע אויגן אין די ווערצעלעך וואָס צווייגן זיך אויף דושקינס האַנט
און לייענט: — איר גרייט זיך אָנצוקומען אינעם אוניווערזיטעט אויף אַדוואָקאַט.
— געטראָפן! — שמייכלט דושקין און דערפילט זיך גאַוהדיק דערביי.
— גאַנץ אָפּט — זעצט ברושקע פאָר — באַגעגענט איר אַ יונגע שיינע פרוי
מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן און געקרויזטע שוואַרצע האָר.
צעפרידן שמייכלט דושקין, ווי ער וואָלט געזאָגט: נו, זעסטו, אַ באַטרעף!
— איך זע אַ שיף אין מיטן ים. אַ גרויסע איבעראַשונג שטייט אייך פאָר!
דאָס נעמט שוין דושקין אָן פאַר וויץ... און ער צעלאַכט זיך אויף אַ קול.
דער עולם, קוקנדיק אויף אים, פאַרגייט זיך פון געלעכטער, קייכט!
— וואו ליגט דער שפּאַס? — טראַכט דושקין ברוגזלעך — צו אַל־דע גוטע יאָר!

אין אַ שיינעם אינדערפרי האָט דושקין, זיצנדיק אין שאַפּ,
דערהאַלטן אַ דעפּעשע, וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי:
„מיר וואַרטן דאָ אין קעסלגאַרדן. קום.
דיין פרוי."

אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַשלאָגן. אין די אויערן האָט אים אַ קלונג געטאָן.
מיט איינמאָל איז אים אַלץ געוואָרן אויפגעקלערט, געוואָרן קלאָר.
איצט ווייסט ער שוין וואָס ברושקע די „ציגאַנקע" האָט געמיינט:
— איך זע אַ שיף אין מיטן ים. אַ גרויסע איבעראַשונג שטייט אייך פאָר...

דער לאַנדסמאַן, קוציע קאָוואַל, עצהט אים אַז ער זאָל גיין...
וועמ ניט, — וועט מען זיי שיקן באַלד צוריק נאָך, גאָט באַהיט!
איז טאַקע גלייכער זיי פון שיף אַרונטערנעמען און ניט מעדליעווען,
אויב ער פאַרשטייט אַן עסק... און ער וויל קיין „טראָבל" ניט!...

# פון טומאַן ארויס

א וואָך נאָכדעם ווי דושקינס ווייבל איז געקומען קיין אמעריקע,
האָט עלקע, אָן דער מינדסטער וואָרענונג, פארלאָזט דעם שאַפּ.
אָן לשון האָט זי אויפגעקליבן איר געצייג, געמאַכט אַ פּעקעלע,
זיך אָפּגעזעגנט מיט טשאַבאַרעווסקין, זיך אויסגעדרייט, ארויס
און הינטער זיך געגעבן מיט דער טיר אַ בייזן, רווישעדיקן קלאַפּ.
— אזוי! — לאַכט ביבערמאַן — איצט ווייסט מען אַז זי איז אַוועק!
— וואָס ביזטו אַזאַ רשע? ! — פרעגט אים סאָלאָמאָן — וואָס האָסטו צו דער פרוי?
— ווער, איך? — מאַכט ביבערמאַן זיך תמעוואַטע — גאָרניט, סתם, אזוי!

דעם זעלבן אויפדערנאַכט, אַז בער האָט פונעם „ראָוד" זיך אומגעקערט, —
האָט ער געטראָפן עלקעס קליידער־שאַפע אָפן, ליידיק, פּוסט...
עס זאָל דאָרט בלייבן כאָטש אַ פּעדעמעל, אַ סימן פון איר גאַרדעראָב.
אין ערשטן אויגנבליק איז בער געבליבן אַ פארשטיינערטער.
אביסל שפּעטער אַז ער האָט זיך אויסגעטשוכעט פונעם שווערן קלאַפּ, —
האָט ער מיט אַ פאַרוואָרגן קול גענומען רופן: — עלקע! ע־ל־ק־ע! ע־ע־ע־ל — — — —
אַ טונקלע שטומעניש האָט אים געענטפערט אויף זיין ווילדער שרעק.
ער האָט אריינגעגראָבן אַלע פינגער זיינע אין די האָר פון קאָפּ
און ווי אַן אָפּגעשמיסן חדר־אינגל זיך צעכליפּעט שטילערהייט.

אָן איינגעגעסענער, מיט אויפגעדריקטע ציין האָט בער מיט ווילדן ברען
אַ נעם געגעבן זיך צוריק צום „ראָוד" וואָס ער האָט לעצטנס שטאַרק פארלאָזט...
און ווידער האָבן זיינע טריט גענומען הילכן שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, —
נאָר עפּעס איז בײַ אים אין טראָט שוין ניט געווען די אַלטע זיכערקייט.
ער איז שוין איבערהויפּט אין קיין זאַך אויף דער וועלט ניט זיכער מער.
און טוט ער עפּעס אָפּ, — איז ער ניט זיכער אַז די זאַך איז אָפּגעטאָן...
אפילו ווען ער שלאָגט אריין אַ צוואָק אין וואַנט
האָט ער שוין אַ רגילות, צוליב זיכערקייט, צו טאָן אַ טאַפּ:
צי איז נאָך דאָ די וואַנט. אויב יאָ, — צי האַלט זיך שטאַרק דער צוואָק.
און אַז די וואַנט איז זיכער און דער צוואָק איז יאָ שוין שטאַרק, —
איז, — שאַט ניט מיטן האַמער געבן נאָך אַ צוויי דריי קלאַפּ...
באַהאַלט ער עפּעס ערגעץ, — איז דעם „עפּעס" אָפּצוזוכן היפּשלעך שווער.
ניט זעלטן זוכט ער אים אליין און קען אים ניט געפינען מער...

געבליבן איז אים בלויז נאָך איינס, אין לעבן אויף דער וועלט,
אין וואָס ער האָט אביסעלע אמונה, — דאָס איז — געלט, געלט!
איז דריקט ער סענט צו סענט און טראָגט אין באַנק אריין, אויף בויערי גאַס,
וואָס ליגט אים אויפן סאַמע וועג וואָס פירט צום צייטונג־סקלאַד,

און ס'קומט אים אויס, נאָך האַלבער נאַכט, אין אַלע נעכט פון וואָך,
פאַרבייצוגיין און זען — צי האָט מען ניט אַוועקגעגנבעט נאָך די באַנק,
און איבערהויפּט, — צי איז דאָרט אַלץ אין אָרדנונג. אויף אַ לאַד...

אינאיינעם, מיטן אַפּעטיט צו געלט, צעוואָקסן האָט אין אים זיך ווי אַ קרעבס
די קאַרגשאַפט, די קמצנות, ביז ער האָט דעם ביסן ממש ניט פאַרגונען זיך.
און מלכה, נעבעך, פלעגט זיך אויסווײנען די אויגן ביז זי האָט געפוילט —
אַ קלייד, אַ העמד צום לייב, אַ לאַטע אויף די אַלטע שיך...
אָן אָפּגעברענטע שוועבעלע האָט ער, ווי ס'איז אין קאָפּ געהיט: —
בעת עס ברענט אונטער דער פּליטע, — קען מען זיך באַנוצן נאָך דערמיט...

סוף זומער, נאָך אַ הייסן טאָג, בעת בער האָט נאַרוואָס זיך צוריקגעקערט אַהיים,
האָט אים אַ אינגל צוגעבראַכט אַ טעלעגראַמע. בערן האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרץ.
— נעם לייען —האָט ער געבעטן זיך באַם אינגל — קריגסט אַ „דיים"!
דאָס אינגל האָט געלייענט אויף אַ קול:
דאָס ווייב דיינס האָט געהאַט אַ אינגל. קום.
סיינט מעריס האָספּיטאַל.

דער מאַרך אין קאָפּ האָט אים זיך אָנגעצונדן מיטאַמאָל
און דאָך איז פאַר די אויגן אים געוועזן פינצטער, וויסט...
אַ היפּשע צייט איז ער געשטאַנען אַ צעטומעלטער, פאַרווירט, צעמישט,
און ניט געוואוסט וואָס הייבט מען אָן צו טאָן מיט זיך?!
דער ערשטער אימפּולס איז געווען — יוכבד! זי וועט וויסן וואָס צו טאָן.
נאָר באַלד האָט ער זיך אויסגערעכנט: טאָמער הייסט זי אים ניט גיין?!...
אויף גיך האָט ער ארומגעוואַשן זיך, אַ קעם געטאָן די ווילד־פאַרלאָזטע באָרד
און איז אַוועק צום האָספּיטאַל, ניט ווייסנדיק אפילו, וואו ר'געפינט זיך דאָרט.

דער האָספּיטאַל, אונטער אַ שווערן צלם, האָט אויף אים,
מיט פענצטער מאַט־באַלויכטענע, ארויסגעקוקט... באַם טיר
האָט אים באַגעגנט אַ רחמנות־שוועסטער און אים דורכגעפירט
אַ לאַנגן קאָרידאָר מיט ווייסע טירן און זיך אָפּגעשטעלט
באַ אַ פאַרמאַכטער טיר. פּאַמעלעך אָנגעקלאַפּט. זיך איינגעהערט...
באַ בערן האָט זיך אויסגעגאָסן אויפן גאַנצן לייב אַ פריקרע קעלט.
אַ בלייכער, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, ס'מיצל צווישן ביידע הענט, —
איז ער אריין צו איר אין צימערל. געציטערט האָבן אונטער אים די פיס.
מיט צוגעמאַכטע אויגן איז געלעגן עלקע און געאָטעמט שווער.
אַ היפּשע ווייל איז ער געשטאַנען לעבן בעט, באַטראַכט איר בלייך געזיכט,
די שוואַרצע קוטשעראַווע האָר צעשאָטן אויפן ווייסן קישן ארום איר;
פּאַמעלעכל, אויף ציטערדיקע קני, זיך איינגעבויגן, איינגעהערט, געוואַרט...

און קוים געכאַפּט אַ וויספּער: — דו?... וו־אַ־ססס מ אַ כ ס ט ו, ב ע ע ע ע?
אַ זשעדנער האָט ער ס׳קליינע הענטל אירס אַ כאַפּ געטאָן איןביידע הענט,
געפּילט ווי ס׳ציטערט, פּלאַטערט ווי אַ קראַנקער וואָראָביי.
אין אויג האָט ער דערפילט אַ טראָפּן זאַלץ, וואָס רייסט זיך פון דער וויע אַפּ
און קויקלט זיך אַרונטער ביז אין מויל אַריין.
דער וואָראָביי, — דערלאַנגט באַ אים אין האַנט אַ צוק, אַ צוק...
און שטרעקט זיך אויס — געליימט, פאַרקילט, פאַרגליווערט אין זיין האַנט.

אַ שווייגנדיקע ציט פּאַמעלעך די רחמנות־שוועסטער איבער עלקעס קאָפּ די דעק
און איידער בער האָט צייט זיך אויסצעטשוכען פונעם שווערן קלאַפּ, —
ליגט שוין, פאַרוויקלט אין אַ קאָלדרעכל, אויף זיינע ציטערדיקע הענט,
דאָס קינד, וואָס עלקע האָט געלאָזן אַ פאַריתומטס אויף דער וועלט.
אַ תמעוואַטער און ניט ווילנדיק טוט בער אַ קוק אויף דעם פאַריתומט עופעלע,
דערזעט אַ בוראַטשקאָווע פּנימעל, צונויפגעקאַרטשעט, ווי אַ פויסט,
אַ רונדיק קעפּעלע מיט היפּשע שוואַרץ־געקרייזלטע האָר, אויף וואָס זיין אויג,
אַן אָנגעצונדנס, האָט זיך תמעוואַטע אָפּגעשטעלט...

אַ שמייכלנדיקע האָט אים די רחמנות־שוועסטער עפּעס אָנגעזאָגט,
אין פּלייצע ליכט אַ קלאַפּ געטאָן און צו דער טיר אַרויסבאַליִיט.
אַ וואָגן האָט אויף אים געוואַרט שוין פאַר די טרעפּ פון האָספּיטאַל.
דער אָוונט האָט זיך פאַרנע אויף די גאַסן פון דער שטאָט געשפּרייט,
די שטערן האָבן זיך געצונדן גרין און די לבֿנה, ווי אַ גנבֿטע,
האָט צווישן די פון טאָג צעגליטע מויערן פּאַמעלעך זיך געשאַרט.
פונוויטנס אויף אַ הויכן טורם, העל באַלויכטן, איז
אַ גרויע פּלאַכטע כמארע שווער געלעגן אָנגעשפּאַרט
און אויף דער אַלטער גנבֿטע, די ברוגזע לבֿנה, שטום געוואַרט...

דאָס קינד האָט באַדערנאַכט געוויינט און בער האָט מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט:
יסורים, בושה, עלנט, — דאַכט זיך, הערט ער אינעם קינדערשן געוויין
גייט אויף און ציטערט דורך דער סומנער שטילקייט פון דער שוואַרצער נאַכט.
* * *

רב ליבישל האָט ס׳קינד געאידישט, זינגנדיק מיט אַ פאַראומערט קול:
ואומר לך בדמיך חיי, ואומר לך בדמיך חיי — — —

דאָס קינד, מיט אַ פאַרזיסטן שמאַטקעלע אַריינגעשטעקט אין מיילכעלע,
זיך קאָרטשעט און פאַרגייט זיך הינטער זיינע ציטערדיקע הענט.
די ווייבער ברעכן פּיסקעס, מעלקן כליפּנדיק די בלויע נעז.
די מאַנסבילן קוקן אָן זיך איינס דאָס אַנדערע, אַ שטיינער ווי,
זיי וואָלטן פּלוצים, זיך מיטיינמאָל ניט דערקענט...
דאָס קינד, איז בער באַשטאַנען, זאָל מען רופן — עלעק: ס׳הייסט, — נאָך איר...

# קוילן

אונטער מלכהלעס השגחה וואַקסט דאָס נפש אין דער לענג און אין דער ברייט.
די שוואַרצע אייגלעך ברענען זיך אריין אין מלכהס מאַמעדיקן האַרץ אריין...
דער שמייכל, עלעקס, גנבט זיך צו איר אין בלוט אריין און פּילט
איר איינזאַם לעבן אָן מיט וואַרעמקייט, מיט שטילער לאַשטשענדיקער שיין.
אין נעכט אין קילע פּילט זי לעבן זיך דאָס וואַרעם נפשל זיך טוליען טריי...
זי הערט ווי ס'אָטעמט נאָענט צו איר אייגן לייב... זי שפּירט
די קליינע, פּוכקע הענטעלעך באַ זיך אין בוזעם און זי דרימלט איין...

אַ ברוגזער גייט בער ארום אויף גאַטס פּאַסקודנער, אומגערעכטער וועלט.
ער רעדט ניט. זיפּצט כסדר... רייבט די הענט זיך נאָכאַנאַנד,
ווי איינער וועלכער האָט זיי אָפּגעפרוירן אין אַ ווינטערדיקער קעלט...

פאַרגנבעט כאַפּט ער ווען ניט ווען אַ קוק צום „ממזר" אינעם וויגעלע.
עס גיט אין האַרצן אים אַ טיאַכק... עס צינדט זיך אים דער מוח אָן.
דאָס פּיצל שטעלט צו אים די הענטלעך אויס, צעשמייכלט זיך, נעמט וואָרקענען.
און בער ווערט רויט, צעמישט... ער ווייסט ניט וואָס מיט זיך צו טאָן?!
ער האָט אים פיינט, דעם „ממזרוק". די אויגן זיינע, פּונקט ווי אירע, — קויל.
די האָר, — ווי אירע, כוואַלעדיק־געקרייזלט און ווי קראָען־פליגלען — שוואַרץ!
דער שמייכל — פּונקט ווי אירער — פאַלט ארונטער אויף זיין וויסטן האַרץ,
ווי ס'פאַלט אַ לעבעדיקער פונק ארונטער אויף אַ סטויג מיט טרוקן שטרוי.
דאָס חנעוודיקע וואָרקען פונעם נפש כאַפּט אים מיט אַמאָל ארום,
ווי פייער כאַפּט ארום אַ פולן פאַס מיט אויל.
ער מאַכט די אויגן צו. עס וויקלט זיך אריבער אים אַ שוואַרצער קנויל
געדיכטער רויך... טומאַן און כמאַרע, כמאַרע, כמאַרע אומעטום...

* * *

אַ שלעכטע בשורה האָט דער לעצטער בריוו בן ציונס פון דרהיים געבראַכט:
די אַלטע סימע איז עליה השלום שוין... געשטאָרבן פּלוצלים, אומגעריכט...
ניט קראַנק געווען אפילו. ממש אויסגעגאַנגען ווי אַ גראָשנדיקע ליכט.
ווי תמיד שלאָפן זיך געלייגט, בשעת די זון האָט זיך געזעצט...
האָט איינגעדרימלט ווי אַ הינדעלע אין רעגן און — ניט אויפגעשטאַנען שוין.
איצט איז בן ציון — די איינציק אידישע משפּחה אָפן דאָרף.
די מומע דבורה, נעבעך, מוטשעט זיך ווי אויפן טויט, אין שטאָט.
בכן האָט ער באַשלאָסן אויספאַרקויפן אַלץ: דאָס ביסל מעבל מיט די בעבעכעס,
די קליאַטשע מיטן לאָשיקל, די קו און היידאַ קיין אַמעריקע!
וואו אידן לעבן זיך בשלום און פּרנסה איז פאַראַנען, דאַנקען גאָט!
פאַר ארבעט האָט ער ניט קיין מורא און קיין כח פעלט אים ניט.
ער נעמט נאָר מיט די פערענע, די לייכטער און דעם מעשענעם סאַמאָוואַר.

ער רעכנט מיטצונעמען אויך זיין מינדלס מארדערנעם פּאַלטאָ:
ניטאָ קיין קונים דאָ אויף אים... מע גיט אים גאָר אַ קליינינקייט דערפאַר...

די ווייבער האָבן אויסגעהערט דעם בריוו און זיך נישקשה אויסגעוויינט.
די מאַנסבילן האָבן שווייגנדיק, מיט קעפּ אַראָפּגעלאָזטע, אויסגעטאָן די שיך
און שבעה זיך צעזעצט, איעדערער באַזונדער אין אַ ווינקעלע, פאַר זיך...

אלקנה דרינגט, אַז פאר בן ציונען איז אַמעריקע קיין תכלית ניט!
חוץ דעם וואָס ער איז טויב, אָט ווי די וואַנט, איז ער נאָך פּלאַטשיק ווי דער דאַך.
און בער דרינגט גראָד פאַרקערט, אַז דאָס וואָס ער איז טויב איז גראָד קיין מום!
פאַר טשארלים „דזשאָנק-יארד", — וואָלט אפילו קיין חסרון ניט געווען,
ווען ער וואָלט, צו די אַלע שיינע מעלות זיינע, אויך געוויעזן שטום!...
פאַרקערט — — —

גיינציק

# די באַלאַדע פון פאַרכשופטן אינזל

ווהין טראָגן די ימען די שיפן
פון אייזן, פון האָלץ און טשוגון?
— צום אינזל וואָס שטראַלט אויפן וואַסער
ארוים ווי אַ ליכטיקע זון.

עס פלאַטערן צווישן די כוואַליעס,
די שיפן געווייגט פונעם ים
און ציען צום אינזל, ווי מאָטלעך
פאַרנאַרט פון אַ ליכטיקן פלאַם.

באַם ברעג שטייט אַ ברוינער מכשף,
די אויגן צום וואַסער געווענדט,
און ציילט אויף די כוואַליעס די שיפן
און שפּרייט אויס אין כשוף די הענט:

— דאָס אַלץ, וואָס די שיפן דאָרט פירן,
פון לענדער פון ווייטע אַהיים, —
אין ים־בלויען שאָטן פון אינזל —
פאַרוואַנדלט זאָל ווערן אין ליים!

און ווי נאָר די שיפן באַרירן
דעם ברעג, — ווי׳ געשען וואָלט אַ נס:
דער שיפן־באַלאַסט ווערט פאַרוואַנדלט
אין ליים, און דאָס ליים — אין געפעס...

די זון ברענט פון הימל ארונטער
און באַקט דאָס געפעס אויס געשווינד,
און צווישן די פאַרביקע כלים —
נעמט זשוזשען דער ים־פרייער ווינט.

— פאַרמאַך דיינע אויגן אַ רגע...
אין ווינט הערסטו ציטערט אַ קלאַנג: —
דאָס ליים, פונעם טעפּער־מכשף
געקנאָטן, גייט אויף אין געזאַנג!...

— וואָס זענען דיר פייכט דיינע וויעס?
און וואָס איז דיין פּנים פאַרטרערט?!

— איך האָב אין געזאַנג ערשט דעם טרויער
פון פעלקער און לענדער געהערט!

און שארף האָט מיין אויער פארנומען
דאָס טיפסטע פון טרויער ארויס —
דעם אייביקן צער פון שעטנז,
וואָס מישט זיך און — מישט זיך ניט אויס!...

# מעל

א קיילעכדיקן יאָר גענומען האָט בן ציונען צוזעגרייטן זיך צום ווייטן וועג.
ניט גרינג איז אָנגעקומען אים זיך אָפּצערייסן פונעם אַלטן דאָרף.
אין אָסיען האָט אַ גרויע שיף, אַ ווייסטע קריכערקע,
געבראַכט צו שלעפּן אים צום צוגעזאָגטן לאַנד, צום לאַנג־געגאַרטן ברעג...

א לאַנדסמאַן האָט אים צוגענומען אַרבעטן בא זיך אין בעקעריי.
— מע דאַרף נאָר האָבן שטאַרקע הענט, און אַ געניטע אויג,
און וועלן — שרייט דער לאַנדסמאַן אינעם טויבן אויער אים אַריין —
קיין גרויסע תורה איז דאָס ניט. קיין טיפער שכל איז ניטאָ דערביי...

דער טויבער האָט זיך צוגעכאַפּט און די מלאכה אויסגעלערנט שנעל.
— פאַרשטייסטו, — גיט ער מינדלען צו פאַרשטיין — איך האָב דאָס ליב!
דאָס איז מיר נאָענט... מחמת, — כ'האָב צעטאָן מיט מעל, מיט מעל!...

ער האָט דעם קעלער ליב. האָט ליב צו זען ווי ס'פּולעט בלוי אַרויס די מעל פון זיפּ.
האָט ליב צו זען די ווייסע בעקער־יונגען, ווי זיי רויטלען זיך
אַנטקעגן קופּער־רויטן פלאַם, וואָס לעקט דעם אויוונס שוואַרצע ליפּ.
ער האָט הנאה צוצוקוקן, ווי די שאָטנס, ווילד, צעשויבערטע,
מיט לאָפּעטעס מיט לאַנגע, ווי מיט ריזיקע לולבים אין די הענט,
זיך הוידען, הוידען אויסגעצויגענע אַרום די כמורנע קעלער־ווענט;
האָט ליב צו קוקן אויף די רונדע לאַבנס ברויט, וואָס פאַליען פונעם פלאַם אַפּער,
ווי טונקלע פּנימער ציגיינערישע פון זון און מדבר אָפּגעברענט...

האָט ליב די נאַכט, דערפאַר וואָס זי איז לויטער איינזאַמקייט און רו!
דער טאָג, — ער טרעט מיט שטיינערדיקע זוילן אויף דער רווישנדיקער גאַס;
מיט קנאַפּלען אייזערנע פאַרביי דער גרויסער גרויער שטאָט מיט איילנדיקע טריט,
און רייסט זיך איבערגוואַלד מיט זיין געפּילדער אין זיין טויבקייט אים אַריין,
דערשרעקט אים, וועקט אַן אומבאַקאַנטן אומרו אויף אין זיין געמיט...

ער האָט אפילו ליב דעם הונגעריקן שטשור, וואָס ראַיעט זיך
פאַרשטעקט אין ווינקל אינעם לעכערדיקן זאַק מיט ווייסע מעל.
ער קוקט און שווייגט: — שוין סיי ווי סיי געמאַכט פון אים אַ תל...
פאַרקערט: ער פּרווּוט פאַרקוקן זיך, ניט זען... אַ דאגה אים!
אָט, — זאָל ער טאָן דאָרט וואָס דאָס האַרץ זיינס גלוסט. אָט, וואָס ער וויל!...
דערפאַר וואָס ער דערמאָנט אים פולע, זאַטע קוישן תבואה, ווייסע זעק...
צעלעכצטע, סוקעוואַטע ברעטער פון אַ בלויען מעל־פאַרשוויצטן דיל;
דערמאָנט אים אָן דעם בלינדן דאָמאָוויק, וואָס קלעטערט אום
באַנאַכט אויף אַלע באַנטעס אָפּן בוידעם אין דער אַלטער וואַסער־מיל...

ער האָט די פּוילע מידקייט פונעם טוכלען קעלער ליב.
געשמאַק איז אים דער דרימל אין מינוטן ליידיקע;
דאָס מידע דרימלען אויף די ווייסע, קילע זעק מיט מעל.
אין קעלער, — וואַרעם, טונקל און — ווי אים אין טויבן אויער — שטיל.
ער שלומערט איין... אַ בעקער, ווייס־פּאַרמעליקט, טאָרעט אים פון שלאָף;
אַ שאָטן פונעם אויוונס הודיען פאַלט אויף זיין געשלאָגענעם געהער...
— ארטעם, דער מילנער!... ס׳רוישט דאָס וואַסער און עס הודיעט אויף די מיל!...

## עס ברענט!

א ש ר פ ה!
גאַנץ בראָנזוויל פלאַקערט אין אַ ווילדן בראַנד פון „ריעל־עסטייט"
דער ברוק, די גאַסן, הייזער, וועגט און דעכער ברענען אינעם „בום".
עס האַנדלען אַלטע אידן, אידענעס, מלמדים און בטלנים פון דער גאַרער וועלט!
די ווערטער: „פּאַרסל", מאָרגידזש", „דיד", „דעפּאָזיט" — טרייסלען אויף די לופט.
— אַט, ערשט געגעבן אַ „דעפּאָזיטל"... „געסוואָפּט" און שוין געמאַכט אַ היטל געלט!

אין גלאַדסטאָנס „ריעל־עסטייט"־קאָנטאָר, ווי אין אַ בינשטאָק זשומעט נאָכאַנאַנד.
דער לאַנגער סיימאָן „טשינק", אינמיטן פון אַ עדה אידן, שטייט
צעשויבערט, אָן אַ ראָק, די אַש־קאָלירטע באַקן זשאַרען ווי אַ סקאָווראָדע.
די שוואַרצע ליפּן פּיענען מיט אַ גרינלעך־ווייסן שוים. איז הייזעריק און שרייט:
— האָט נאָר וואָס אָפּגעחומלט דעם קאַרנאַסיער פאַרמער, אויסגענאַרט בײַ אים
דעם גאַנצן „פּאַרסל"... צוגענומען, קען מען זאָגן, ווי כמעט אומזיסט...
דעם חשבון זעט ער אויבן־אויף: עס שטייט אים פאַר צו מאַכן געלט ווי מיסט!

רב לייבישל האָט אויך אַ פוס אין טשאָלנט... ער איז סיימאָנס רעכטע האַנט!
אָט, וואו נאָר מע פאַרזייט אים ניט, — דאָרט וואַקסט ער אויס!
דער עיקר, — מעקלערט ער. און זעצט ער זיך שוין אָן אויף עמעצן —
וועט ער פון זיינע הענט קיין לעבעדיקער ניט אַרויס...

און טשאַרלי? — טשאַרלי קאַרטען איז פון סאַמע חתנס צד...
דעם „יאַרד" האָט ער געלאָזט אויף הפקר און דער שוואַרצער באַב איז באַלעבאָס!
אַ דריטל בראָנזוויל, שאַצן אידן, איז שוין זיינס כמעט...
אויף טשעסטער, צווישן לויטער קריסטן, האָט ער זיך אַ פּאַלאַץ אויפגעשטעלט.
די גראָבע גאָסי, ווי אַן אַלטע בריטשקע אויף צעבויגענע רעסאָרן, הוידעט זיך,
זי בלאָנזשעט, נעבעך, איבער אַלע צימערן, אַ פרעמדע פון אַנאַנדער וועלט...
אַ שווערער זשמוט מיט שליסלען דרינזשעט איבער איר וואַטאָוון היפּט,
די לויזע בריסטן באָמבלען זיך צעיורן הינטער קווייטלדיקן זייד;
דער אינדיק־גווידער בלעזלט זיך, ווי דריליע, שווייסיק און צעפּריעט
אַריבער בייטשן פּערל. פון די פלוימען־בלויע אויערלעפּלעך בלינצלען שאַרף
צוויי דימאַנט־שטיינער, ווי פּאַסאָלעס, מיט אַ בלוילעך־ראָזן ליכט —
אַ באַזשע־מאַטקע בלאָנזשעט זי אַרום פאַרלוירן ווי אין אַ טומאַן...
זי חידושט זיך: פונוואַנען נעמען זיך צו איר געמעלדן, טאַפּעצירטע ווענט?
פּאַרטירן זיידענע, געשניצטע מעבל, פערזישע קאַוויאָרן אויפן פּאַרקעטירטן דיל?
וואָס טוט בײַ איר אין גרויסן זאַל דער ווייַן־פּאָלירטער פּאַרטעפּיאַן?!

ניט זעלטן אָבער ווערט איר אומעטיק בשעת זי בלייבט אין אירע ווענט אַליין...

נײַן און נײַנציק

איר דאכט זיך: אין די פֿאלדן פֿון די זיידענע פֿאַרטירן שטיין
באהאלטן אירע אַלטע טעג און חוזקן. דער וויין־פֿאַלירטער פֿאַרטעפּעיאַן —
ער רייצט זיך, לאַכט אויס איר מיט זיינע בליאַסקנדיקע, ווייסע גרויסע ציין:
אַ תּפֿיסה, ניט קיין היים! אַ תּפֿיסה ניט קיין היים! אַ תּפֿיסה ניט קיין היים!

און טשאַרלי פֿירט די רייכסטע „ריעל־עסטייטניקעס" צו זיך אין הויז אַריין.
מאַכט קאַרטן־פּאַרטיעס, פֿריילעכע הוליאַנקעס, שטעלט זיך אויס: — איר זעט?!
אין האַרצן אָבער ציט אים צו דעם אַלטן הויז, וואָס שטייט פֿאַרלאָזן אינעם „יאַרד".
אים בענקט זיך נאָך די געלבלעך־גרויע, אָפּגעבליאַקעוועטע ווענט;
פֿאַרפֿלעקטע פֿענצטער, סיקעוואַטן דיל און הוסטנדיקע טרעפּ.
אים בענקט זיך נאָך דער געלער ראַגעזשע, וואָס רויכערט זיך אין שטויב
אינדרויסן פֿאַר דער זון־צעלעכצטער, אָפּגעשיילטער אַלטער טיר.
אים בענקט זיך נאָך דער פֿראָסטער געשמאַקער וועטשערע,
וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ הערינג, אָפּגעזאָטענע קאַרטאָפֿלעס, זויערע אוגערקעס;
אַ פֿעט שטיק שעפּסן־פֿלייש און אויף דעם אַלעמען — דאָס קאַלטע „פּיינטל" ביר.
אים בענקט זיך נאָכן גראָבן ליוונטענעם טישטוך אויסגעלאַטעט און
אין כּל־ערליי געריכטן אויסגעפֿלעקט און דורכגעפּעצט.
— אַליין אַ תּפֿיסה אויסגעבויט, אַליין זיך איינגעזעצט...

דער איינציקער וואָס זיצט אַ קאַלטער לעבן פֿלאַם איז — בער:
— סע גאַלע שווינדל! — ברומט ער — ווינט און רויך... טומאַן!
רב לייבישל מאַכט אָבער זיך ניט ווסנדיק. ער קריכט, שלאָגט אָפּ די טיר:
ער האָט פֿאַר אים אַ זעלטענע מציאה. ס'ווייסט נאָך קיין בן אָדם ניט דערפֿון...
— אַ סוד! — לאַכט בער — דעריבער טאַקע קומט ער דאָס צו מיר!...
— עד שווער ענק, אויף נאמנות — צאַפּלט זיך רב לייבישל — —
אַן אַלטע גויע... עובר בטל... ווייסט ניט ווער ס'האָט איר געשלייערט גאָר — — —
צוויי טענעמענט־הייזער ווי די בעכערס. ליכטיק ווי לאַמטערנעס, גרויס!...
עץ וועט, אם ירצה השם, נתעשר ווערן... זאָל ער האָבן אַזאַ יאָר!
אַן אָנגעכמורעטער קוקט בער אויף דעם „גאַליצקע", ווי ער פֿלאַקערט, ברענט!
און טראַכט צו זיך אַליין: איך וועל זיך שוין ניט אויסדרייען פֿונעם גנבֿ הענט!

אַז בער האָט זיך צעשריבן מיט דער גויע באַ דעם קלוגן אַדוואָקאַט, —
האָט אים רב לייבישל אַריינגעפֿירט צו „בוטשן" אין „סאַלון" אַריין,
געמאַכט לחיים, צוגעווינטשעוועט און לאַכנדיק מיט אַ צעשמאַלצענעם געלעכטערל,
אַ זאָג געטאָן: איצט, גייטס קאַלעקטן רענט, ק אַ ל ע ק ט ן ר ע נ ט ט ט!

אויף מאָרגן איידער בער האָט נאָך אויסגעשלאָפֿן אויפֿצושטיין
איז שוין רב לייבישל געווען באַ אים אין הויז אַ גאַסט:
ער האָט אַ קונה אויף די הייזער. דאָ אַ מעגלעכקייט צו מאַכן שטיקער געלט!

הונדערט

— כ'פּאַרקויף ניט! — האַקט אָפּ טרוקן בער — קיין צוויי מאָל שינדט מען ניט!!!
אַ פערד פאַרמאָגט סך הכל נאָר איין פעל! פאַרשטייט איר וואָס מע רעדט צו אייך?!
איצט גייט אייך גזונטערהייד! אַ גוטן שליטוועגס!... כ'וויל ניט ווערן רייך!
און טאָמער איז מיר פאַרט באַשערט!... איז ניט דורך אייך!!!
רב לייבישל צעפירט די הענט, פאַרשניורעוועט די ליפּעלעך, ווי איינער רעדט:
— אַ גראָבע זאַך... אַ חושים! ער פאַרשטייט דען „ביזנעס"?... אַ בהמה! עט! — —

רב לייבישל גיט אָבער זיך ניט אונטער אַזוי גרינג.
ער שלאָפט ניט אינעם ענין... שיקט אים אונטער אַלעמאָל אַנאַנדער אַדיוטאַנט...
אינדרויסן, הינטער בערס פאַרהאַקטער טיר, פּאַמעלעכל וואַקסט אויס
אַ היפּשלעכע טאָלפּאַ, אַ רעדל פון טשיקאַווע „ריעלעסטייטניקעס".
— אַ טיטשקע יאַטקע־הינט — ברומט בער — דערשמעקט אַ פעטן ביין...
איז, — דרייט מען מיט די ווידלען, שטשירעט מען די ציין...
פאַר דעם אליין — קוועלט בער הנאהדיק — איז שוין געווען כדאַי!...
ער שאַרט אַ קאַפּיטשקע אַוועק דעם פאַרהאַנג פונעם פענצטער, קוקט זיך איין
מיט ברייטע, שמייכלענדיקע אויגן אויף דער קופּע אידן פאַרן הויז
און טוט אין פענצטער, מיטן פולן מויל, אַ ברייטן שפּיי:
— וואַראָנעס! ווערעס! נמאסער „גאַליצקע"!... רויטע לויז!...

# הירשל ווערט נתגלה

אלקנה שטייט באם זייט פון קאָכעדיקן „ריעל־עסטייט״־יאַריד.
ער קען דאָס אַלץ ניט משיג זיין... פאַרשטייט דאָס ניט!
— פאַרוואָס, אַ שטייגער, איז דער „לאַט״ ערשט נעכטן ווערט געווען
אַ טויזנטער און היינט האָט זיך געהויבן: — אַ מציאה — צוויי!
— דערקלער מיר — טענהט ער צו זיין יוכבדן — נו, אדרבה, ווי אזוי?
— וואָס דאַרפסטו ברייען? — ענטפערט אים יוכבד — זעסט דאָך, נאַ!
אפילו בער האָט אויך געלאָזט זיך איבעררייִדן... האָט געקויפט און — שאַ!
אוורעמקע און מנשה — האַנדלען אויך מיט „ריעל־עסטייט״ און, — דאנקען גאָט — — —
אלקנה קען דאָס אָבער ניט צעקייען פאָרט: — עס קען דאָך מאַכן לעמעל מע?!...
דער גאַנצער קאָשיק אייער קען זיך טאָן אַ קער... און אויס, פאַרפאַלן!... בע!
— דו ביזט געווען אַ דאָרפס־איד און דו וועסט דאָס בלייבן ביז —
זי ענדיקט ניט: ארויסגעוואָרפן אירע רייד... סע נישט כדאי!
פונדעסטוועגן, — פאַרשלאָפט זי ניט אינגאַנצן דעם יאַריד.
בשתיקה האַנדלט זי אַביסל אונטער... קויפט אַ „לאַט״, אַ „הייזקעלע״,
גיט אָפּ איר קניפּל אויף אַ זיכערן פּראָצענט. כאַפּט ווען ניט ווען אַ מעקלעריי.
אלקנה ווערט געוואוירע שוין נאָכאַלעמען און בייזערט זיך אויף איר:
— פון דיינע גאָלדענע מסחרים וועל איך נאָך ארויס אָן הויזן, גאָט באַהיט!
אין האַרצן אָבער קוועלט ער אָן: — אַ מאַנסבילש קעפּל, קיין עין הרע ניט!

יוכבד זוכט ניט קיין עשירות, ווייל, חלילה, ניט פאַרזשערענען די וועלט.
זי האָט אַ אינגל, אַ בן יחידל — אַן איינאונאיינציק אויג אין קאָפּ.
ער קען, אם ירצה השם, דערגרייכן — דאָקטער, אַדוואָקאַט... וואָס אים געפעלט!

באַנאַכט, בשעת זי ליגט אויף איר געלעגער, מיד פון גאַס און קיך, —
באַמערקט זי, דורכן שליסל־לאָך פון אַלקער־טיר, וואו הירשל זיצט, — אַ ליכט.
מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן זעט זי אינעם שיין פון לאָמפּ איר קינדס געזיכט.
זי ווייסט ניט וואָס ער לערנט דאָרט באַנאַכט. זי הערט קיין ניגון ניט.
אַזאַ מין לערנען איז איר פרעמד... אַזאַ מין לערנען איז איר ווייט...
אלקנה, וואָרטשעט, בייזערט זיך: — ווי זיצט עס אָפּ אַ בחורל די גאַנצע נאַכט?! — — —
ווען איך וואָלט זיצן וויפיל ער, — וואָלט איך געוואָרן רב, מיר דאַכט!

אַנומעלט האָט ער אינדערפרי געפונען אויפן טיש, באַ אים אין אַלקערל,
אַ ליכטיק בייגעלע פּאַפּיר מיט דריבנע, קורצע שורהלעך.
געווען אַ בעלן ווייזן דעם פּראָוויזער: ס'איז כדאי צו וויסן, סתם? — — — —
— ער שרייבט — דערקלערט אים דער פּראָוויזער, מיט אַ שמייכל — לידער, גראַם.

באַם וואויל־געלערנטן פּראָוויזער איז דאָס אַ טשיקאַוועסט. גלאַט אַ חידוש!
אַ אינגל, אין אַמעריקע, זאָל זיך פאַרנעמען גאָר מיט שרייבן גראַם... אויף אידיש?!

הונדערט צוויי

— יוכבד! — ברומט אלקנה — אונזער תכשיט גייט אויף שלעכטע וועגן!
פון לידער, זאָגט מיר דער פּראָוויזער, האָט מען מער ניט ווי קדחת!
קענסט אים פרעגן!

יוכבד ווייסט, — אַז לידער זינגט מען,
לידער זינגט מען מיט אַ ניגון.
נאָר, — ווי קומט עס צו איר אינגל? — — — — —
אַז, — זי קען זיך ניט דערמאַנען...
דאַכט זיך, אַז אין איר משפּחה
איז קיין חזן ניט פאַראַנען!

אין איר טאַטנס שיינק, געדיינקט זי,
פלעגן גויים שיכור זינגען...
באַ איר שטעלכל פלעגט איר מאַמע
מיט די פּויערים זיך דינגען...
זי, — אין אירע קינדער יאָרן, —
פלעגן גוים שיכור זינגען...
אַלע קינדער אויסגעוויגט איר...
אפשר, — דאָס זאָל זיין דער ניגון?!...
וואו איז ער געווען ביז איצטער?
און, — פאַרוואָס האָט ער געשוויגן?...

און אלקנהס דאָרף־משפּחה? —
פּראָסטע אידן, האָראָפּאַשנע!
ווי־זשע, ווי־זשע קומט עס עפּעס? — — —
זאָל ער האָבן דאָס געירשנט
פון דעם דערפל, פון די סטעפּעס?

אין די זומער־נעכט, די ווייסע,
האָט די מיל געראַוישט, געזשומעט.
און דאָס וואַסער, אינעם מיל־ראָד, —
איז פאַרגאַנגען זיך פון אומעט...
און אין אָטשערעט אין נאַסן;
אין די זומפּן, טיף באַגראָבן,
ווי פאַרשאָלטענע נשמות,
פלעגן זשאַבעס קלאָגן, קלאָגן...

אין די האַרבסט־נעכט פלעגן אַלטע
ווערבעס וויינען אינעם רעגן,
און דער טייך, פון ווינט געשוואָלן,

שלוכצן פלעגט ארום די ברעגן.
און אַ גוי, אין שיינק אין וויסטן,
אינעם לולקע־רויך פאַרזונקען,
פלעגט אין לידער שטיל באַקלאָגן,
ס׳פּעלצל וואָס ער האָט פאַרטרונקען...

און אין ווינטער־נעכט אין ־קאַלטע,
פלעגט דער ווינט אין קוימען כליפּען,
און דער עמער אויפן דרענגל, —
פלעגט באַם ברונען קרעכצן, סקריפּען...

אפשר דאָס זאָל זיין דער ניגון ?!...
וואו איז ער געווען ביז איצטער ?
און פאַרוואָס האָט ער געשוויגן ?! — —
לידער, ווייסט יוכבד, זינגט מען.
לידער זינגט מען מיט אַ ניגון...

# מיסטער מארטין גלאדסטאָן

מיסטער מארטין גלאַטסטאָן, — שטייט פאַרשריבן אין די מעטריקעס פון דרהיים,
בפירוש: — מאָטל קליאַטשקע. נאָר די לאַנדסלייט זיינע ווייסן ניט דערפון.
בא זיי האָט ער כסדר און פון שטענדיק אָן געהייסן — מאָטיע פאַליעסטראָמפּ.
אויף פּיטקינס גאַס און אין דער ענגער נאָכבאַרשאַפט ארום, —
איז ער באַקאַנט אונטער דעם נאָמען — מיסטער קוילן־מאַן.

אַלס „גרינער" האָט ער באַלד גענומען זיך פאַר „ביזנעס".
אויף פּיטקינס גאַס געדונגען זיך אַ קעלער, וואו ער האָט פאַרקויפט,
אין ווינטער — קוילן, טשאַרקאָל, האָלץ. אין זומער — אייז.
דאָס נויטיקע געצייג, וואָס ער האָט צום געשעפט געדאַרפט, —
באַשטאַנען איז פון אַ פאַרראָסטן רידל, אַ צעקנייטשטן עמער און אַ זאַק.
אין ווייטסטן ווינקל פונעם קעלער איז געשטאַנען ס'ביסל באַלעבאַטישקייט:
אַ רויט־פאַרזשאַווערט דראָטן בעטל און אַ הינקענדיקער טיש;
אַ אייער־קעסטל, אַ פאַררויכערט לעמפּל און אַביסל אויסגעשטשערבעטע געשיר.
און אונטערן בעט — אַ ברוין־געגלייזטע מאַקרעטע...
אַ דראָטענע פאַרראָסטע פּאַסטקע אויף צו כאַפּן הונגעריקע מייז.
בסוף, באַגראָבן אין אַ בוזעם־קעשענע — אַ זשאַמשן אָפּגעריבן בייטעלע,
מיט דריי קאָמפּאַרטמענטן און אַ שטייפן ענגן שלאָס,
וואָס טוט, בשעת מע מאַכט אים צו, אַ שאַרפן קנאַק... אַ שאָס...
דאָס דאָזיקע געראַוויש רופט אַלעמאָל ארויס בא מאָטיע פאַליעסטראָמפּ הנאה, פרייד...
צעשמייכלט ער זיך, טוט אַ רייב די דלאָנעס און אַ שמאָרע מיט דער נאָז.

די גאַס האָט אים גענומען שאַצן אין די שווערע הונדערטער...
רב לייבישל האָט דאָס דערשמעקט... געפּריוווט זיך אים פאַרשלייערן..
נאָר, ס'האָט זיך אים ניט איינגעגעבן... מאָטיע שמאָרעט ברוגזלעך,
בלאָזט אָן די שווארצע ליפּן און מיט אַ ירגזון שלאָגט ער אָפּ:
— ווער דאַרף אַ ווייב?! אַ פרעמדע אידענע?!... אַ קעסטקינד אויף מיין קאָפּ!
די אָוונטן, בשעת אינדרויסן האָט גערעגנט, אָדער ווינטער־צייט — געשנייט, —
פלעגט מאָטיע פאַליסטראָמפּ זיך טושקען אין זיין טוכלען ווינקעלע.
דאָס ברודנע לעמפּל ברענט בצמצומדיק און רויכערט רחבותדיק,
פאַרשפּרייטנדיק גלייכצייטיק אַ געדיכטן עפּוש און אַ שווערן טשאַד.
אין דער פאַרראָסטער פּאַסטקע צאַפּלט זיך אַ הונגעריקע מויז.
מיט אויגן האַלב פאַרזשמורעט קוקט ער שמייכלענדיק זיך איין...
ער האָט הנאה צוצוקוקן, ווי דאָס קלעטערט, פאַלט און הייבט זיך אויף.
ער פילט אַ מין נצחון: — איבער עפּעס האָט ער אַ ממשלה פאָרט!
ער זיצט אַזוי ביזוואַנען ער דערפילט אונטער די וויעס זאַמד...
איז שטייט ער אויף, נעמט אין דער האַנט אריין דאָס שטייגל מיט דער מויז

און לאָזט זיך גיין צום ראָג, וואו אונטער אייזערנע רעשאָטקעס עפּושט שווער
די פינצטערע קאַנאַווע מיטן אָפּפיר־וואַסער אין דער ענגער גאַס אריין...
פּאַמעלעך עפּנט ער דאָס טירל פון דער שטייג, באַפרייט דאָס אָרעמע באַשעפעניש.
ער שטייט און הערט זיך איין. דאָס מייזל ראַנגלט זיך און טוט אַ פליוך אריין
דאָס שטינקנדיקע וואַסער שלוכצט אין דער קאַנאַווע אונטער דרערד...
אַ שווייגנדיקער, ווי פון אַ לויה קערט זיך מאָטיע אום צוריק אַהיים,
און לאָזט זיך מיד, מיט שווערע טריט ארונטער פון די נאַסע קעלער־טרעפּ;
פאַרלעשט דאָס רויכערדיקע לעמפּל, ציט זיך אויס אויף דעם פאַרראָסטן בעט,
פאַרלייגט די הענט, ווי שוואַרצע האַלעוועשקעס, אונטערן קאָפּ און דרימלט איין.

און אַז דער „בום" פון „ריעל־עסטייט" האָט פּלוצלים, אומגעריכט
ארומגעכאַפּט דאָס בראָנזוויל, ווי אַ שׂרפה כאַפּט ארום אַ שינדל־דאַך, —
האָט מאָטיע פּאַליסטראָמפּ די אויגן אויסגעריבן און דערזען אַ ליכט!...
אַ לאַנדסמאַן האָט אים צוגערעדט בשותפות קויפן אַ כאַלופּקע מיט אַ טאָפּלט „לאָט"
פון וועלכן ער, דער לאַנדסמאַן זיינער, האָט זיך על פּי סיבה ערשט דערוואוסט.
דער לאַנדסמאַן וואָלט אליין געקויפט, איז האָט ער אָבער וויניציק געלט געהאַט.
אין צוויי דריי טעג ארום האָט מאָטיע אויף זיין חלק היפּש פאַרדינט.
דאָס בלוט האָט זיך באַ מאָטיען אָנגעצונדן און זיך הונגעריק צעברענט...
פאַרשיכורט פונעם ערשטן „דיל" האָט ער זיך דאָס אַ לאַז געטאָן אויף גאַטס באַראָט!...
עס האָט אים אָפּגעגילט. צו וואָס ער האָט זיך נאָר ניט צוגערירט
איז דאָס געוואָרן ממש גאָלד באַ אים אונטער די הענט.

פאַרשוואונדן, נעלם איז געוואָרן מאָטיע פּאַליעסטראָמפּ פון פּיטקינס גאַס,
און מאָרטין גלאַדסטאָן האָט זיך ברייטלעך אומעטום ארויסגעשטעלט;
צוגלייך באַוויזן זיך אין אַלע גאַסן מיטאַמאָל —
אַ שטערן, וואָס דערגרייכט צו אַלע ווינקלען פון דער וועלט...

די אויגן האָבן זיך באַ אים געטאָן אַ עפן ברייט: ער האָט דערזען און זיך דערוואוסט —
פון שיינע פרויען מיט געטאָקטע קנעכלן, רונדע היפטן, קיילעכדיקע בריסט;
דערוואוסט זיך, אַז די גרויסע שטאָט פאַרמאָגט
בולוואַרן ברייטע, רייכע גאַסן, גערטנער, אַראַנזשעריען;
האָט ליכטיקע האָטעלן, רעסטאָראַנען, טעאַטערע, מוזיק־זאַלן, קאַבאַרעען.
און מאָטיע האָט דערפילט — דאָס בלוט זיינס הונגערט, מאָנט און גלוסט...
האָט קוים פאַרזוכט... בלויז טועם געוועזן פון לעבנס רייצנדע תענוגים און דערפילט
אַזוינס, וואָס עס דערפילט אַ יונגער וואָלף, ווען ער פאַרזוכט
צום ערשטן מאָל דעם טעם פון וואַרעם שעפּסן־בלוט...
ער וואָלט אוודאי אויפאַמאָל פאַרצערט געוואָרן, ווי אַ סטערטע שטרוי פון פלאַם,
ווען ניט דער רייכער פּיט פערדאַנסקי מיט זיין „לאָמבער־יאַרד" און דיקער מויד.
פערדאַנסקי האָט אויף גלאַדסטאָנען אַן אויג געוואָרפן: ער געפעלט אים שטאַרק!

הונדערט זעקס

דער בחור איז „אַ סעלף מייד מען”. וועט זיין אַ לייט, אם ירצה השם!
אַ וואַזשנער זיווג פאַר זיין מויד... דערביי אַ גוט געשעפט פאַר אים:
די גאַנצע בוי־אינדוסטריע, וואָס ליגט כמעט אין גלאַדסטאָנס הענט, —
וועט, על פי סברא, דאָך אַריינפאַלן צו אים אין „לאָמבער־יאַרד”.
און מאַרטין גלאַדסטאַן האָט זיך אויך ניט אָפּגענאַרט: —
אַ רייכן שווער... אַ פעטע ווייב... אַ שותף צום געהילץ־געשעפט...
קרעדיט... און אין דער וועלט פון „ביזנעס” — אַ פאַרנעם!

# א פ ע ט י ט

אַז מארטין גלאַדסטאָן מיט פערדאַנסקין האָבן זיך צענויפגעשפּאַנט —
האָט זיך באַ גלאַדסטאָנען ׳צעשפּילט דער אַפּעטיט:
עס וואָלט זיך אים געוואָלט פאַרזשערען מיט אַמאָל די גאַנצע וועלט!
אַנומעלטן האָט ער געטראַכט — — — און איצטערט זיך דערמאָנט: —
באַם נייעם וועג, וואָס לויפט פון ניולאַטס ראָוד צו שיפּס־העד ביי
ליגט פלאַך דעם אַלטן דזשים אַ־גריידי׳ס גרויסע פאַרם,
אַ שטרעקע ערד — דריי הונדערט פערציק אַקער לאַנד.
אַ גאַנצע׳ שטאָט וואָלט ער דאַרויף אַוועקגעשטעלט.
מען קען דאָס צונעמען באַ אים כמעט אומזיסט.
וואָס דאַרף ער דאָס, דער אַלטער פערד? —
פון זיינעטוועגן איז דאָך שוין גענוג פיר איילן ערד!
פיר איילן ערד!

אַז גלאַדסטאָן האָט זיך, אין אַ שיינעם אָסיען אינדערפרי,
באַוויזן אויפן אַלטן פאַרמערס שוועל,
האָט אים דער אַלטער אָנגעקוקט פאַרגאַפט, אַ ברום געטאָן:
וואָס ווילסטו פרעמדער דאָ?... וואָס קען איך טאָן פאַר דיר?!
ביזט ניט דער ערשטער... שוין געווען באַ מיר... געווען באַ מיר!...
דער ביטערער גלאַדסטאָן האָט פון בוזעם־קעשענע, אין קאַמעזויל,
פּאַמעלעכל ארויסגעשלעפּט אַ שמעקעדיקן אַטלעס־ברוינלעכן ציגאַר
און אָנגעהויבן שטאַמלענדיק: — איך האָב געהערט אין שטאָט,
אַז דו האָסט חשק צו פאַרקויפן שוין דיין לאַנד.
בין איך געקומען אונטערהאַנדלען. וויפיל ווילסטו פאַרדערפאַר?
דו זעסט דאָך שוין אַליין... עס בויעט זיך אַ שטאָט באַ דיר אונטער דער האַנט.
דיין פאַרם וועט מיט דער צייט, — אַלס פאַרם — ניט טויגן מער...
דערווייל איז זי, די שטאָט, נאָך ווייט פון דיר... סמנים נאָר...
דיין פאַרם איז אָבער איצט שוין — ניט אַהין און ניט אַהער...

דער אַלטער דזשים אַ־גריידי האָט זיך פּלוצלים אויסגעגלייכט,
די אגרעס־גרינע אויגן האָבן זיך אַ צינד געטאָן פון כעס;
פאַרוויקלט אין אַ האַרטן פויסט האָט זיך ראַפּטאָם
אַ הייב געטאָן באַ אים די ברוינע האַנט: —
פ א ר פ ל ו כ ט ע ר ר ר, דו! ווער האָט נאָך דיר געשיקט?!
איך האָב אַ „ווינטשעסטער” באַ זיך און הינט ווי וועלף...
פאַרדאַמטער — — — שווינדלער־ספּעקולאַנט!

אַז גלאַדסטאָן האָט זיך מיטן רוקן אומגעקערט

צום אַלטן דזשים אָ־גריידי האָט זיך אים געדאכט —
ער הערט דער אַלטער שרייט אים נאָך: —
אַוואָסער טייוול האָט אייך דאָ אַהער געבראַכט...
פאַרמיסטיקט אַלץ... פון לאַנד אַ חזיר־שטאַל געמאַכט!

נאָר מארטין גלאַדסטאָן עסט זיך גאָרניט אָפּ דאָס האַרץ: —
עס וועט דיר העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס, וויסטער פערד!
עס שמעקט דאָך שוין פון דיר מיט צווינטער, קברים־גראָז...
ער דאַרף אַ פאַרם?!... געננג פאַר דיר פיר איילן ערד!
פיר איילן ערד!

## נייע נביאים

דער „ריעל־עסטייט־בום" האַלט אין סאַמע מיטן ברען.
נאָר נחמן וואַרעמט זיך בײַ גאָר אַנאַנדער פלאַם...
די שׂרפה, נחמנס, — האָט פאַרכאַפּט די גאָרע וועלט!
דאָס פייער, נחמנס, — ווי אַ רויטער בעזעם קערט, פון ברעג ביז ברעג,
די שטעט און דערפער איבער גאָר דעם שטח פונעם לאַנד.
ניטאָ פאַר אים קיין אָפּהאַלט, ווי עס איז ניטאָ
קיין אָפּהאַלט פאַר די שטורמדיקע כוואַליעס פונעם ים...
און נאָכדעם, טרייסט זיך נחמן, ווי דער בעזעם וועט פאַרקערן מיט זײַן בראַנד
די דערנער און דאָס ווילד־גראָז וואָס פאַרשפּרייט אויף אונזער ערד דעם סם, —
וועט אויפבליִען אונזער לעבן — אַ גן עדן פאַרן גאַנצן מענטשן־שטאַם!...

סוף חודש אלול. דער פּאָליטישער קאַמפּיין האָט זיך צעברענט!
די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פירט אָן אַ שאַרפן און פאַרביסענעם „קאַמפּיין".
בײַ נחמנען איז גאָר קיין ספק, אַז גענאָסע סעניעל וועט אַרײַן...
דער גרויער אַלטער קעמפער מיט דער זילבער־ווײַסער באָרד,
וואָס שטייט אין ליכט פון שטערן און לבנה, נאַכט אויף נאַכט,
אין דרויסן אויפן רווישעדיקן ראָג מיט אויסגעשפּרייטע הענט
און פּריידיקט פאַר די מאַסן — וואָס? — פאַרשטייט ער ניט גענוי...
נאָר זיכער איז ער, אַז ער רעדט פון פּראָלעטאַריערס הונגער־נויט,
פון אומגערעכטיגקייט צום אָרעמאַן, פון מענטשנס גרויסן צער;
פון נחמנס אויסגעמאַרכעוועטע פיס און מידע אויסגעהאָרעוועטע הענט,
פון קינדער, ניט דערוואַקסענע, וואָס ווײַנען, מחמת הונגער, באַדערנאַכט;
פון יונגע לעבנס, פרי פאַרוועלקטע, אין פאַבריקן, בײַ דער ניי־מאַשין;
פון זקנים, נע־ונד און אָן אַ היים; פון אָרעמע אלמנות און יתומימלעך;
פון בעטלער, וועמען די פאַבריק האָט יונגערהייט פאַר ווייסטע קאַליקעס געמאַכט;
פון פרייהייט און פאַרברידערונג פון אַלע פעלקער אויף דער גרויסער וועלט,
פון יושר און גערעכטיגקייט פאַר אַלע ראַסן פונעם מענטשן־מין!

אַמאָל, אין זײַנע חדר־יאָרן, האָט דער שטרענגער רבי אים דערציילט
פון ליכטיקע נביאים — ישעיה, ירמיה, יחזקאל, עמוס און נאָך אַנדערע...
נאָר פרעמד און ווײַט געבליבן זענען זיי פון אים אין אַלטן דאָרף.
ערשט דאָ, אין עפּוש פון די ענגע גאַסן פון דער שטיינערדיקער שטאָט,
אין שאָטן פון די כמאַרנע מויערן — האָט ער געפונען זיי... דערקענט!
אין דעם געשטאַלט פון אַלטן סעניעל האָבן זיי זיך מיטאַמאָל צו אים אַנטפּלעקט...
אין אַלע גאַסן טרעפט ער זיי. אָט שטייט יחזקאל אויף דעלענסי־סאָפּאָלק ראָג:
די באָרד, די ווײַסע זילבערט זיך אין דעם לבנהדיקן ליכט.
אַנטקעגן אויסגעשטערנטן און קילן הימל שפּרייט ער אויס די הענט,
די אויגן שטראַלן אויף מיט לויטערקייט, מיט אָנזאָג פונעם נייעם טאָג;

דאָס פּנים, אַ באַגייסטערטס, און דער אמת — פון די ליפּן ברענט!...
אַ כמארנער און געדיכטער מענטשן־שטראָם פארפּלייצט דעם ראָג.
דער נביא רעדט מיט צאָרן אויף די ליפּן און מיט פייער אויפן צונג.
דאָס קול — אַ שווערד, און יעדער וואָרט — אַ קויל!
עס הייבט זיך אין דער נאַכט געדיכט אַ וואַלד פון אויסגעהאָרעוועטע הענט.
עס רוישט דער וואַלד, צערוישט זיך אין אַ שטורמישדיקן פּאַטשעריי...
עס הילכן קולות אין דער נאַכט — — אַ ווידערשפּעניקער לאַכט אויף...
פון ערגעץ, אין דער פינצטערניש שפּרינגט אויף דעם שונאס פויסט...
עס גיט אַ סווישטשע דורכן ווינט אַ שטיין און — טרעפט אין ציל!...
באַם נביא אויפן שטערן צינדט זיך אָן אַ רויטער פלעק... אַ קויל...
אַ רויטער שנירל שלענגלט זיך ארונטער פונעם נביאס שלייף
און שניידט זיך דורך דער באַק, צעברעקלט זיך ארום דער ווייסער באָרד;
צעשיט זיך ווי צעגליטער זשאַר אויף ליכטיק ווייסן פלאַקס...

די טונקלע מענטשן־כמארע טוט זיך מיטאמאָל אַ ריר, אַ וויג;
צעהוידעט זיך... אין צאָרן שרייט פאַנאַנדער זיך די גאַס.
פון צווישן די צענויפגעדריקטע ווענט און כמארנע מויערן
שיסט אויס דער כעס, ווי אָנגעצונדענער פּולווער אין אַ ענגן פאַס...
דער ווייסער נביא פּרעפּלט מיט די ליפּן, אויגן... און דאָס פּנים זיינס —
ווי די לבנה אויפן קאַלטן אָסיען־הימעל — ציטערדיק און בלאַס.

איצט איז שוין נחמן זיכער אַז דער אַלטער סעניעל וועט אריין...

העט שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט האָט נחמן צוגעטאָטשעט זיך צו שיינעס בעט.
באַם שיין פון איינגעדרייטן נאַכט לאָמפּ זעט ער, ווי איר פּנים שפּילט...
אין שאָטנדיקער ווארעמקייט פון שלאָף, פון הינטערן נאַכטהעמד, אויסגעהילט
זיך רויזלט מאַט איר רעכטע ברוסט. פון צווישן אירע שווארצע האָר
צעשאָטן אויפן ווייסן קישן, שעמערירט איר רעכטע דרימלענדיקע האַנט.
אַן אויפגעשפּיצטע קני, אונטער דער קאָלדרע, שאָטנט אָפּ זיך אויף דער וואַנט.
דאָס קינד, אין וויגל, שמייכלט פונעם שלאָף. אַ בעקל רויטלט זיך און בליט...
און ער דערמאָנט זיך פּלוצלים מאָררים ראָזענפעלדס באַרימטע ליד:

„איך האָב אַ קליינעם אינגעלע,
אַ מלאכל אַ שיינס.
ווען איך דערזע אים דאכט זיך מיר, —
די גאַנצע וועלט איז מיינס.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מיין שיינעם, ווען ער וואַכט.

איך טרעף אים אימער שלאָפנדיק,
איך זע אים נאָר באַנאַכט".

— — — — — — —

אין שטילקייט פון דער אָסיען־פינצטערניש צעוואויעט זיך אַ שיף,
וואו אויפן קויטיקן „איסט ריווער" מיט אַ מרה שחורהדיק געברום.
אַ מידער פילט ער שיינעס ווארעם ליב, דעם ריח פון אירע האָר...
אַ זיסער, ציטערדיקער אומעט וויינט פאַנאַנדער זיך באַ אים אין בלוט.
דאָס האַרץ זיינס זיפצט זיך אָפּ. ער טוליעט זיך אריין אין בעטגעוואַנט,
די אָרעמס, מיט אַ זשעדנעקייט, פארביינקטע נעמען שיינען פעסט ארום:
עס איז אים אזוי גוט דאָ, לעבן זיי... עס איז אים אזוי גוט מיט זיי!
און שוואַכער, מאַטער הערט זיך אויפן ברודיקן „איסט ריווער",
אין דער קאַלטער אָסיען־נאַכט, דאָס הייזעריקע שיף־געשריי.

הונדערט צוועלף

## עלעקס ערשטער „סקול"־טאָג

אין אַ רעגנדיקן אָסיען אינדערפרי
האָט מלכה אויפגעריסן עלעקן פון שלאָף,
און שארנדיק די פינגער אירע צערטלעך
אינעם קינדס געקרויזטע שווארצע האָר,
אים אָנגעזאָגט: — דו הייבסט היינט אָן
צו גיין אין „פּאָבליק־סקול". וועסט זיין
דער בעסטער אינגל אינעם גאַנצן קלאַס.
דאָס קינד האָט אָנגעשטעלט פארגאפט
די שווארצע אייגלעך און אַ קלער געטאָן:
אַפנים דאָס מאָל איז דאָס טאקע וואָר,
און מלכה טרייבט ניט מער מיט אים קיין שפּאַס...

אַז מלכה האָט אים אָנגעטאָן און אויסגעפּוצט;
דאָס קעפּל אויסגעוואַשן און פארקעמט
די גלאַנציק־שוואַרצע קוטשעראווע האָר, —
האָט זי אים קלאָמפּערשטן אַ שטראָף געטאָן:
דו ביזט אַ גרויסער שוין! דאָס זעקסטע יאָר!
אַז דו וועסט זיין אַ גוטער אינגעלע, —
וועסטו נאָך זיין אַמאָל אַ — ליוועראנט! —
האָט בער, וואָס איז געשטאַנען איינגעשפּאנט
אין טלית־און־תפילין, מיטן פּנים צו דער וואַנט,
אריינגעריסן זיך אין מלכהס רייד.
די אייגלעך האָבן זיך באם קינד אַ צינד געטאָן...
באַ מלכהן האָט פון הארץ זיך עזותדיק
אַ ריס געטאָן אַ מיאוסער וואָרט, דערלאַנגט אַ שפּרונג
צום האַלז, זיך דורכגעריסן ביז צום שלונג,
און איז געבליבן הענגען אויפן שפּיץ פון צונג...

אינדרויסן האָט גערעגנט אָסיענדיק און קאַלט.
די כמאַרע איז געהאנגען נידעריק און שוואַרץ.
מיט איילנדיקע טריט האָט מלכהלע געשפּאַנט,
און האַלטנדיק, אין אירע, עלעקס האַנט, —
געטרייסט אים, אויסגערעט דאָס הארץ:
— דו וועסט נאָר וועלן, וועסטו זיין
אַ דאָקטער, אַ פּראָפעסער, אָדער, — גאָר אַן אדוואָקאט!
און וואָס וואָלט דיר געפעלן בעסער, קינד?
דאָס קינד האָט ניט געענטפערט און געקלערט,
אַז דאָס וואָס אים געפעלט צו זיין —

וואָלט מלכהן ניט געווען צום האַרצן אַקוראַט...

מיט אַ געקלעמט געמיט האָט מלכה אים
געבראַכט אין „סקול״, פאַררעגיסטרירט,
דערנאָך אַריינגעפירט אין קינדערגאָרטן־קלאַס;
באַזעצט אים אויף אַן אָרט, צעזעגנט זיך,
אַ קוש געטאָן אין קעפּעלע און פלינק אַרויס,
און הינטער זיך די שווערע טיר פאַרמאַכט.
די אייגלעך זיינען עלעקן געוואָרן פייכט.
ער האָט זיך שטיל אַרומגעקוקט אין קלאַס
און אים האָט, אין דעם אויגנבליק, זיך אויסגעדאַכט, —
אַז ער וועט מלכהן קיינמאָל שוין ניט זען...
אַז ער איז דאָ געפאַנגען און וועט שוין
זיך קיינמאָל מער ניט שפּילן אויפן גאַס...
די לערערין, אַן אַלטע מויד, אַ מאָגערע,
מיט שיטערלעכע, קלאָטשעוואַטע גרויע האָר,
האָט עלעקן באַמערקט און צוגעשמייכלט אים...
דאָס קוטשעראַווע קינד איז איר געפעלן שטאַרק.
זי איז צו און צערטלעך אים אַ גלעט געטאָן.

דאָס קינד האָט ווי אַ שרעקעדיקער הינטעלע,
אַ בויג געטאָן דאָס קעפּל אָן אַ זייט,
געטאָן אַ גלאַנץ די שוואַרצע אייגלעך בייז
און זיך אַ ברוגזער פון איר אָוועקגעקערט.
די לערערין האָט זיך ניט ווייסנדיק געמאַכט,
זיך אויסגעדרייט און שמייכלענדיק אַוועק.

אַ לייכטער קלאַפּ אָן טיש. אין קלאַס ווערט שטיל.
פאַרלוירן אין דער שטילקייט הערט זיך ווי
דער זייגער טיקעט אויף דער ווייסער וואַנט,
די קינדער־פּיסלעך שאַרעווען אָן דיל.
דער רעגן גרייפּלט אויף די פענצטער נאָכאַנאַנד.

* * *

דעם צווייטן אינדערפרי, פאַר „סקול״, —
האָט עלעקל געקוויינקלט זיך, געוויינט:
ער האָט קיין חשק... ס׳טוט אים ווי דער קאָפּ.
אַן אָנגעדרודלטער שטייט בער באַם איינגלס בעט.
ער קוקט אַ׳ פינצטערער אויף עלעקן און שטומט...
די האַנט די רעכטע אָבער באָברעט זיך באַם הויזן־פּאַס.

דאָס סטראַשעט ער: אָט, — נעם איך אים אראָפּ!
אָט, — נעם איך אים אראָפּ!

דאָס קינד באַמערקט און ווערט אַנטשוויגן, שטום!
די אייגלעך ברענען זיך פֿאַנאַנדער קעציש־גרין:
ער האָט אים פֿיינט, דעם אַלטן, ווי אַ שפּין!
אַ טויטע שטילקייט נעמט זיי אַלע דריי ארום.
באַ מלכהן קלאַפּט דאָס האַרץ פֿון ווּסטער שרעק:
עס וועט דערפֿון קיין גוטס שוין ניט ארויס!
דער קליינער איז געוואָרן לעצטנס עזותדיק...
אַנומעלטן האָט ער דעם אַלטן אָנגעשפּיגן אין געזיכט,
און פֿאַר דער קלענסטער עולה ווערט ער בייז
און טוט אַ שטרעק ארויס אַ לאַנגן צונג...
זי צערטלט עלעקן, זי נעמט אים איין מיט גוטע רייד.
צו שפּעט!... דאָס קינד טוט פּלוצלים זיך אַ ריס, אַ שפּרונג,
רייסט אויף די טיר און פֿליט ארויס אין גאַס.
דער אַלטער לאָזט זיך מיט אַ אימפּעט נאָכן קינד —
אין לינקער האַנט די פּלודערן, אין רעכטער האַנט — דעם פּאַס!

— דער ממזרוק איז ווי אין דרערד אריין! —
ברענגט בער, נאָך האַלבן טאָג, אַ גרוס פֿון עלעקן.
דער טאָג טרעט אָפּ... די זון הענגט נידעריק.
דער מערב ברענט, דער אָוונט זינקט און פֿאַלט.
לויט ווי די זון פֿאַרגייט, — באַווייזט עס
אויף אַ פֿראָסט... עס נעמט שוין ווערן קאַלט...

באַם „בוטשער" האָט יוכבד זיך דערוואוסט,
אַז עלעק איז אַנטלאָפֿן אינדערפֿרי פֿון דרהיים.
ניט וואַרטנדיק קיין אויגנבליק איז זי אַוועק
צו בערן און געטראָפֿן מלכהן שטאַרק פֿאַרוויינט,
באַם פֿענצטער היטנדיק די שאָטנס אויפֿן גאַס...
אויף דער קושעטקע איז געלעגן בער, אַ ברוגזער,
און שווער געפּיפּקעט אַ צעדריבלטן ציגאַר.
יוכבד פֿאַלט אויף אים ארויף אַן אָנגעצונדענע:
— וואָס טוט זיך עס!? וואָס ברויעסטו,
ווי אַ שיכורער סאָלדאַט אין אַ קאַבאַק!
באַ בערן פֿאַלט ארויס אַזש דער ציגאַר פֿון מויל.
עס פֿייפֿט אים אין אַן אויער, ס'פֿייערט אים אַ באַק...
— ביזט כאָטש געווען אין „סטיישן הויז?" צי ניט?! —

הונדערט פּופּצן

מאָנט שטריינג יוכבד און ניט קריגנדיק קיין תשובה אויפן אָרט, —
פאַרנעמט זי זיך צום טיר מיט איילנדיקע טריט.

אין פּאָליציאַנטן־צירקל האָט זי עלעקן
געטראָפן אַ פאַרווייגטן מיט אַ היפּשן שטיק
פאַרשמירט, צעגוואַדזיעט ברויט אין האַנט.
דערזעענדיק יוכבדן האָט זיך דאָס קינד
באַניים צעיאָמערט ערשט, צעוויינט זיך אויף אַ קול.
אַן אויפגעשוואָלענער פּאָליצמאַן פרעגט איר אויס...
פאַרצייכנט אין אַ דיקן בוך און זאָגט איר אָן, —
אַז אויב ער וועט דעם אינגל נאָכאַמאָל
געפינען בלאָנזשענדיק, פאַרלוירן אויפן גאַס —
וועט ער אים איבערגעבן אין אַ קינדער־שוץ־אַנשטאַלט!
יוכבד הערט אים אונטערטעניק אויס
און אַז ער ענדיקט, — טוט זי ס'קינד אַ כאַפּ
פאַרוויקלט אים אין שאַל און לויפט אַרויס.

דער קליינער עלעק טוליעט זיך אַריין אין איר
און כליפּעט קוים אַרויס: כ'וויל שלאָפן... קאַלט!
איך פרירררר!...

בשעת יוכבד האָט דאָס קינד אין שטוב אַריינגעבראַכט,
איז אויף די פענצטער שוין געלעגן שוואַרץ די נאַכט.
* * *

באַנאַכט האָט מלכּה אין איר שלאָף געהערט,
ווי עלעק שליידערט זיך אַרום און קרעכצט.
זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין אַנגסט און ווי אַ בליץ
אַראָפּ פון בעט, איז צו צום קינד און ציטערדיק
צום קוטשעראַוון קעפּל צוגעלייגט איר האַנט.
דער שטערן איז געווען פייכט, געברענט פון היץ.

# אַ גאָלדן שטערנדל

אַז עלעק האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוטשוכען פון זיין קרייען,
איז שוין דער שניי געלעגן טיף און קויטיק אויף דער גאַס.
פון פענצטער זעט ער ווי די קינדער גיין פון „סקול״ אַהיים,
און גייענדיק פאַרהילכן זיי די לופט מיט שטיפערשן געשריי.
די ביכלעך, הענגענדיק אויף רימענס, וויגן זיך אין ווינט
און אין דער לופטן פליען פייכטע, שווערע קוילן שניי.
און אידן לויפן איינגעהויקערט, נאָענט צו די ווענט,
פאַרשטעלנדיק זיך ביידע אויערן מיט מילציק־בלויע הענט.

פון אַ פאַרבאָרגענער אַלעע טוט אַ יאָג ארויס אַ בלודנע צויג,
פון קעלט דעם ווידל צווישן אירע פיס צעניפגעדרייט...
אַנטקעגן, לעבן ראָג האָט דער פאַרשייטער ווינט צעהוליעט זיך,
און פאַרריסן באַ אַן אַלטער אידענע ביז סאַמע האַלז דאָס קלייד.
אַן אַלטער איד, די ווייסע, ברייטע באָרד צעשמיסן פונעם ווינט,
מיט אויסגעשטרעקטע הענט און אַ צעשמייכלט פּנים פון אַ נאַר, —
לויפט הענדום־פּענדום אין דער ווייטער וועלט אריין:
דער ווינט, דער עזותניק, האָט ס'היטל אים אַראָפּגעכאַפּט
און ווישט דערמיט די נאַסע בלאָטע פונעם טראָטואַר...

ער הערט ווי קנאַפּלען קלאַפּן אויפן נאַסן, קאַלטן ברוק,
ווי שווערע וואָגן־רעדער סקריפּען אינעם קאַשעדיקן שניי;
אַ רוישיקער טראַמוויי קלינגט הייזעריק אין גאַס.
דעם קאָפּ פאַרריסן צו די צוגעמאַכטע פענצטער דראַפּעט זיך
דעם אָרעמען „שמאַטיארס״ צעצויגענער געשריי:
— באַי קעש קלויז!
באַי קעש קלויז!!
באַי קעש קלויז!!!

סוף ווינטער האָט זיך עלעק אָנפאַרטרויט אויף מלכהן, אַז
ער האָט חרטה... וויל צוריק אין „סקול״ אריין.
האָט מלכה אים פאַרפּוצט און וואַרעם איינגעהילט
און אים אַוועקגעפירט. די לערערין האָט שמייכלנדיק
אים אויפגענומען ווי אַן אַלטן גוטן פריינט.

אַז מלכה איז ארויס פון קלאַס און הינטער זיך
די שווערע טיר פאַרמאַכט, — האָט עלעק זיך געשטאַרקט...
דאָס קעפּל אין איר זייט אפילו ניט געטאָן אַ דריי.

דער זייגער האָט געטיקעט אויף דער ווייסער וואַנט,
די קינדער האָבן מיט די פּיס געשאַרעוועט אָן דיל
און אויף די פענצטער האָט געפלאַטערט שיטערלעך אַ שניי.

סוף חודש האָט דער קליינער עלעק פון דער „סקול" געבראַכט
אַ גאָלדן שטערנדל ארויפגעקלעפּט אויף ראָזעווען פּאַפּיר:
דאָס איז דערפאר וואָס ער האָט זיך געפלייסט,
געלערנט גוט און זיך סטאַטעטשנע אויפגעפירט.
די אייגלעך האָבן באַ דעם קינד געשטראַלט פון גליק.
אַ נחתדיקע קוקט אים מלכה אָן אַ ווייל און זינגט ארויס:
— זע, זע! דאָס גאָלדענע שטערנדל טאַנצט אום
אין אייגעלע באַ דיר, אין אייגעלע באַ דיר.
דאָס קינד צעלאַכט זיך, ציט די הענטלעך אויס צו איר
און קרימט איר איבער, זינגנדיק:
אין אייגעלע באַ דיר,
אין אייגעלע בא דיר!

# די גנבה

אלקנה איז זיך נוהג פּסח איינצעלאַדן די משפּחה צו דער ערשטער סדר־נאַכט.
אפילו נחמן, דער פאַרברענטער צעצעליסט, זיצט אויך מיט אַלעמען באַם טיש.
— איך מיין אַזוי ניט די הגדה — פּריוועט ער זיך פאַרענטפערן — ווי כ׳מיין
די ארבע כוסות, קניידלעך און יוכבדס פּסחדיקע, טעם־גן־עדנדיקע פיש.

רב לייבישל באַקלאָגט זיך : ער איז נעבעך נע־ונד... ווער שמועסט
בשעת אַ יום טוב !... ביילישע איז דאָרט... זי האָט טראַכאָמאַ, קריינקט.
זי היילט זיך באַ די גרעסטע פּראָפעסאָרן אינעם קייזערלעכן ווין.
דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער פאַרדינט דאָ, שיקט ער איר אַהין, אַהין.
יוכבד האָט רחמנות און זי לאַדט אים איין — אַלצדינגג געשיינקט !...

רב לייבישל, אין ווייסן קיטל, אין דער אַכט־קוואַרטירנער יאַרמעלקע,
באַשיינט דעם טיש... ער ציקלט זיך, שרייט איבער אַלעמען אין הויז.
דאָס קופּער־רויטע בערדל ציטערט און פון אויפגעמאַכטן מויל ארויס,
ווי שוועבל־קעפּלעך שימערן צוויי שורות ציין פון צוגעגרינטן גאָלד...
אַ שמייכלענדיקער גיסט אים נחמן אונטער אַלעמאָל דעם אָפּגעזופּטן כוס ;
דערמאָנט אים אַז ער האָט פאַרגעסן... האָט פאַרפעלט אַ זופּ צו טאָן.
רב לייבישל פאַרלירט דעם חשבון שוין... פאַרגעסט אַז סע פאַראַן אַ מאָס...

באַם ערשטן לעפל פאַרפל־יויך האָט שוין רב לייבישל געהאַט זיין פּסק :
בשעת דער לעפל, טרייסלנדיק זיך אין דער האַנט, האָט זיך דערנעענטערט
צום אויפגעמאַכטן מויל און אויסגעשטעלטע ליפּן, האָט זיך אויף אַמאָל
אַ שטראָם פון ברוינער טאַביקע געדיכט געטאָן אַ שאָט ארויס באַ אים פון נאָז
און זיך צעשפּרייט אין לעפל יויך. ער האָט אַ זופּ געטאָן און זיך פאַרהוסט.
די אויגן האָבן אים געטאָן אַ שפּאַר ארויס פון קאָפּ, די צונג האָט זיך
צעטריפעט ווי אַ פישעלע, דער אָטעם האָט זיך אָפּגעשטעלט באַ אים אין ברוסט.
דעם קליינעם עלעקן איז דאָס געפעלן און ער האָט זיך הילכעדיק צעלאַכט.
באַ בערן קערן זיך די אויגן איבער און די רעכטע האַנט פאַרמעסט זיך קעגן קינד.
אלקנה כאַפּט אים אָן באַם עלנבויגן, טוט אויף אים אַ ביסטרע קוק :
— דו ווילסט פאַרשטערן מיר דעם טיש ?!... אַ מצוה אויפן רויטן צוויק !

באַ שפוך המתך איז רב לייבישל געלעגן שוין ווי אַ געקוילעט קאַלב :
דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אויף אַ זייט, די צונג ארויסגעטלעפּעטשעט העכער האַלב...
די קאַלעמוטנע אייגעלעך פאַרזשמורעט און געוואָרטשעט עפּעס אונטערן נאָז.
אלקנה האָט אים אויפגעהויבן אויף די הענט, ווי אַ קעליאָקל מעל,
אַוועקגעטראָגן אין אַ זייטיק צימער און אריינגעשלײדערט אין אַ בעט.

דער קליינער עלעק האָט געוואַרט אויף אליהו הנביא און זיך ניט דערוואַרט.

אים האָט געגומען שלעפערן, און דרימלענדיק האָט ער ניט אויפגעהערט
צו האָבן טענות צו דער וועלט פאַרוואָס מען האָט אים אָפּגענאַרט...
אַ שמייכלענדיקע האָט יוכבד אים געגומען אויף די הענט, אוועקגעלייגט
צופוסנס באַ רב לייבישלען און זיך פון צימער שטילערהייד ארויסגעשאַרט.
דער עולם איז געזעסן און געשמועסט, געחוזקט פונעם רויטן כניאָק;
געלאַכט פון דעם, וואָס עלעקל האָט טענות, אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט.
צעגאַנגען איז זיך די משפחה שפּעט. אלקנה האָט די טיר פאַרשלאָסן אויפן שלאָס
און זיך געווענדעט, מיט אַ האַלב מבוסמדיקן שמייכל, צו יוכבדן:
— נו, מלכה מיינע, קום!... דעם מלך שלעפערט שטאַרק... סע שפּעט...
יוכבד האָט מיט אַלע פינגער אים דערלאַנגט אַ שמיר איבערן פּנים, זיך צעלאַכט...
אריין צו זיך אין אַלקער און די טיר פונאינעווייניק אויפן שלאָס פאַרמאַכט...

נאָך האַלבער נאַכט האָט עלעקל דערהערט אין שלאָף, ווי מיט אַמאָל
האָט זיך רב לייבישל געטאָן אַ כאַפּ אַראָפּ פון בעט און קרעכצנדיק
אוועק אין אָפּטריט... וואו ער האָט גענומען ברעכן מיט דער גרינער גאַל.
אַז ער האָט זיך פון דאָרטן אומגעקערט איז ער געווען ווייס ווי קאַלך.
באַם שיין פון דער לבנה זעט דער קליינער עלעק ווי רב לייבישל
הייבט אָן ארונטערציען פון זיך די קליידער און די שיך.
אַ ווייסער בלייבט ער שטיין אין די גאַטקעס. באָרוועס, — הויט און ביין...
מיט בײדע הענט, אויף אַלע פינגער, קראַצנדיק זיך פויל דעם רויטן מאָך
וואָס ליגט אין קניפּלעך אויסגעשאָטן איבער זיין פאַרדאַרטער, פאַרמעט־געלער ברוסט.
אַ רגע שפּעטער נעמט ער באַברען זיך ארומען מויל, ארום די ציין...
דערנאָך פאַרקאַשערט ער די קאָלדרע און פאַרזינקט אין ווייסן בעטגעוואַנט,
נעמט שעפּטשען מיט די ליפּן און פאַרגייט זיך אין אַ סווישטשענדיקן הוסט.

פאַרטאָג, אַז עלעק האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער דערזען רב לייבישלען
אין בעט מיט אַ צעעפנט מויל... צוויי שוואַרצע יאַסלעס, נאַקעטע, — אָן ציין!
דער קליינער חידושט זיך... ביז ער באַמערקט זיי אויפן — פענצטער־געזימס,
פאַרפּאַפּט פון מצה־ברעקלעך, עופ, געפילטע פיש און עפּעס נאָך...
באַם קינד בליצט אויף אין קעפּל אַ פאַרשייטער, שקאָציקער געדאַנק:
מיט קעציש־פלינקע טריט דערלאַנגט ער פונעם בעט ארויס אַ שפּרונג,
אַ כאַפּ די ציין, אַ שאַר, אַ שפּאַר: די טיר דערלאַנגט אַ קרעכץ...
פון אָפּטריט לאָזט זיך הערן אַ געררויש, ווי פון אַ וואַסערפאַל...
דער קליינער עלעק קערט זיך אום און גנבעט זיך אריין צוריק אין בעט,
מאַכט צו די אייגלעך און נעמט כראָפּען, קלאַמפּערשטן, ווי אַ געקוילעטער.
פון אונטערן קאָלדרע הערט ער, ווי דאָס הויז נעמט וועקן זיך.
עס שקראַבן שיך. מע געגעצט פויל. מע הוסט. מע שנייצט די נעז. מע רעדט.

דריי קלעפּ אין טיר: — רב לייבישל! איר דאַוונט פאַרן עמוד היינט, צי ניט?

רב לייבישל מאַכט אויף צוויי רויטע אויגן, סמאַטשקעט מיט די ליפּן, הוסט.
דאָס רויטע פּנים איז אים אויסגעוויקט, צעקנייטשט פון אומבאַטעמטן שלאָף.
פּאַמעלעך הויבט ער אָן זיך אָנצוטאָן. עס איז אים עפּעס ניט אינגאַנצן קלאָר...
ער פּרוּווט דערמאָנען זיך... דער קליינער עלעק שפּיאָנט אים נאָך. ער היט...
— אָט איז דאָס שוין!... רב לייבישל נעמט שאַרן מיט אַ טרייסלענדיקער האַנט
פאַרביי דעם פּענצטער־געזימס — נישטאָ! ער נישטערט אינעם בעטגעוואַנט...
דער שטערן קנייטשט זיך, שוויצט. עס אַרבעט אָנגעשטריינגט דער מוח:
— ס׳געשיקט זיך ניט!... חלילה!... גאָט באַהיט!.. עס קען ניט זיין!
פונדעסטוועגן איז ער זיך בודק... טאַפּט מיט בײדע הענט אַרום —
דעם האַלז, דעם גאָרגל־קנאָפּ. דעם בויך... נישטאָ! נישטאָ!!!

די שטוב גייט כאַדאָראַם!
רב לייבישל דאַרף דאַוונען פאַרן עמוד און — ניטאָ קיין ציין!
און אַז רב לייבישל איז אַ פאַרשעמטער, אַ פאַרחלשטער
אַרויס פון שטוב האָט ערשט זיך דאַן צעשפּילט די זאַווערוכע אויף צונאָמתן.
יוכבד האָט אַ חשד. דער קליינער איז זיך מודה און ברעכט אויס אין אַ געוויין:
ער האָט דאָס בלויז געטאָן פאַר „פּאַן". האָט גאָרנישט ניט געמיינט.
אלקנה נעמט זיך ניט צום האַרצן... ער באַשטייט אויף זיינס: —
דער רויטער גנב האָט זיי איינגעשלונגען בעתן שלאָף...
זיי אויסגעמייקעט אינעם אָפּטריט... זיי פאַרלוירן און — אַ סוף!!!

נאָר בער דרינגט אַנדערש גאָר: מע דאַרף דעם ממזרוק צעקאַטעווען!
דאָס וואַקסט אַ קאַטערזשאַן! אַ — ליווערּאַנט! אַן אויסוואורף, וואָס אין קאָרט!
דאָס פּנים עלעקס ווערט ווי קרייד. די אייגלעך ברענען זיך פאַנאַנדער שוואַרץ.
די הענט פאַרבראָכן, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, שטייט
די בידנע מלכה לעבן קינד. איר רייסט זיך אָפּ אין האַרץ...
אין בערן זידט דאָס טרפה בלוט. אַ בלינדער פון רציחה כאַפּט ער פלינק
פון זיך אַראָפּ דעם פּאַס, ציט אויס דעם בלאַסן אינגל אויף די קני
און הייבט אָן אַרבעטן געשמאַק... דאָס אינגל קאָרטשעט זיך צענויף:
קיין שאָרך, קיין פּיפּס... דער רימען שניידט זיך איין. אַ גלי, אַ ברי...
דאָס קינד פאַרגייט זיך אין אַ קוויטש און חלשט אונטער זיינע הענט.
באַ בערן קערן זיך די אויגן איבער אויף דער לינקער זייט.
די ליפּן ווערן ווייס. ער לאָזט אַרויס דעם פּאַס פון האַנט.
באַ מלכהן רייסט זיך פונעם האַלז אַרויס אַ חיהשער געשריי.
אויף אירע קולות ציטערט אויף דאָס גאַנצע טענמענט־הויז,
עס ענטפערן צעפּראַלטע טירן, איילנדיקע טריט און סקריפּענדיקע טרעפּ.
באַם שוועל פון דער צעפּראַלטער טיר פאַרכמאַרעט זיך —
אַ קנויל פון פּלייצעס, אַקסלען, פויסטן, פּנימער און קעפּ...

א סאַפּנדיקער לאָזט דער בלאָסער בער ארויס זיין קרבן פון די הענט,
מאַכט אויף דאָס מויל און ברילט ארויס: — ניט קיינעמס עסק! וואַן, פּ־א־ש־אָ־ל!
א טונקעלער, ברייט־ביינערדיקער איטאַליענער, מיט א פּאָר
צערייצטע אויגן שוואַרצע, טיילט זיך אָפּ און טרעט ארויס פון קנויל...
א הייסער שטראָם פון פרעמדע ווערטער טוט באַ אים א שפּאַר ארויס פון מויל:
— מאַראָנע מיע!... מאַנאַזשאַ לא־מעריקא!... מ־א־נ־א — — — — —

אין גאַס האָט עמעצער דערבארעמט זיך און האָט ארויפגעשיקט א „בלויען ראָק".
די בלייכע מלכה פּרוואוט פאַררייבן... מאַכן די געשעעניש צו ניט...
דער אָנגעדראָלענער פּאָליצמאַן אָבער דינגט זיך... לאָזט זיך ניט...
אז מלכה האָט זיך אָבער שטאַרק צעוויינט, צעיאַכמערט אויף א קול, —
איז ער געוואָרן ווייכער און פאַרזאָגט, — אז טאָמער טרעפט עס נאָכאַמאָל —
וועט ער דעם אינגל איבערגעבן צו דעם קינדער־שוץ־אַנשטאַלט
באַגראָבן אין א ווינקל זיצט דער בלאָסער בער, אַן אויסגעלאָשענער,
א פינצטערער. עס וואַרפט אים הענט און פיס. עס פיבערט אים...
א נודנער שוויס באַגיסט אים און אין אלע אברים ווערט אים קאַלט!

יוכבד נעמט דאָס קינד צו זיך... וועט נעכטיקן באַ איר.
אריינגענורעט אין יוכבדן האָט ער די גאַנצע נאַכט געוויינט אין שלאָף.
צומאָרגנס, אינדערפרי האָט זי אים מיטגענומען אין דער „אנשי תומכי שבת" שול
— דו ווייסט? — דערקלערט זי אים — ס'איז יום טוב היינט.
נישטאָ קיין סקול. אם ירצה השם, ערשט מאָרגן וועסטו גיין אהיים.
דאָס קינד דערלאַנגט א ציטער: — כ'וויל ניט גיין! איך האָב אים פיינט!
יוכבד מאַכט זיך, קלאָמפּערשטן, ניט הערנדיק. זי שוויגט.

רב לייבישל האָט אָפּגעקלאָגט א דאַוונען, גענודיעט אָן א טעם.
— א מבין כאָטש, ווי ער באַגראָבט א מוסף!? — רופט זיך אָפּ א איד.
— ער מעקעט ווי א קאָזע פאַרן פגרן — לייגט צו א צווייטער לץ.
— ער סקריפּעט ווי אן אלטע טיר... א קול־נגינה פון א שלייען!
— ער מעלה־גרהט, נעבעך, קען די עברי ניט פאַנאַנדערקייען...
— ער הירזשעט ווי דעם בלינדן וואָקערס אלטער פערד.
סטאַטעטשנע אידן, באַלעבאַטים, קלאַפּן אָן די סטענדערס רווישעדיק
און סמאָקטשען מיט די ליפּן, קרומען זיך און טרייסלען מיט די בערד:
— אי, נו, פעעעע!
— טצע, טצע, טצע!
— פכעעעעע!
— בעעע!

# אַ גליענדיקע קויל

רב לייבישל האָט פּאָרט זיך אָפּגעזוכט. געקומען צו יוכבדן צו גאַסט...
— אַ שוט, אַ שוט!... סע מאַכט זיך! — ברומט ער אונטערן נאָז פאַרשעמט.
יוכבד איז אים מוחל און עס טוט איר אינדערדאמתן הנאה שטאַרק:
געהאַט באַ איר אין הויז אַ היפּשן היזק... היינט די חרפּה, דער בזיון!
אַלקנהן איז רב לייבישלס וויזיט אוודאי אָנגעלייגט:
אַ קלייניגקייט די עגמת־נפש!... האָט זיך קאַרג געקלעמט?!

רב לייבישל באַקלאָגט זיך, אַז געשעפט איז שטאַרק געשלאָגן. מיאוס!
דער „ריעל־עסטייט־בום", דאַכט זיך אים, האָט זיך שוין „אויסגעבומט"
הלואי זאָל ער אַ ליגנער בלייבן... עס וועט מוזן קומען צו אַ קראַך!
פאַר זיך אַליין האָט ער קיין דאגה ניט. וואָס האָט ער אָנצואווערן דאָרט?
זאָל יענעם טריקענען דער קאָפּ, וואָס האָט פאַרזשעברעוועט אַ סך...
אַ שטייגער, — סיימאַן „טשינק"; דעם חכם־עתיק, גלאַדסטאָנען!...
ער קען זיין שטעטל שוין באַשטיין: אַביסל פון חזנות, שחיטה, מעקלעריי;
אַ חתונה, אַ ברית, אַ קנס־מאָל, ווען ניט ווען. אָט, האָט ער טאַקי איצט אין זין —
אַ שדוך צוגעפּאַסט פאַר מלכהלען. אַ ליטישער, אַ פיינער יונגערמאַן!
אַ „סיילעסמאַן" באַ שיך. אין אָוונט לערנט ער אויף פאַרמאַצעפּט!
וועט ענדיקן, אם ירצה השם, איז, — נאָר אַבי אַביסל געלט...
וועט ער זיך עפענען פאַר זיך אַליין, אַן אייגענעם געשעפט.
— אומזיסט די טרחה אייערע — שלאָגט איבער בער — זי האָט אַ „באָי".
— געפּראַוועט תנאים שוין?! — פאַרלויפט רב לייבישל דעם וועג.
— קיין תנאים ניט, — מאַכט בער — געגעבן זיך דאָס וואָרט...
אַמעריקע... מיר האָבן דאָ קיין דעה ניט... דאָ פירט מען זיך אַזוי...
— אויב ניט קיין תנאים, — איז דאָס ווערט אַ פּיעטרישקע! —
קוועלט אָן רב לייבישל. נאָר בער איז פעסט: — אַ זיווג. מן הסתם באַשערט
און אגב, — איז דער בחור אים געפעלן: קען מפרנס זיין אַ ווייב.
אַ גוטער זייגערמאַכער. זייגערמאַכעריי איז ניט קיין מיאוסער פאַך.

דעם קליינעם עלעקן איז גראָד דער זייגערמאַכער ניט צום האַרץ.
אים גייט ניט אָן, וואָס זייגערמאַכעריי איז ניט קיין מיאוסער פאַך.
ער ווייסט נאָר איינס: דער זייגערמאַכער איז געקומען נאָך זיין מלכהלען...
שוין איצט פאַרברייינגט זי מיטן זייגערמאַכער גאַנצע נעכט אינדרויסן אויפן דאַך.
אים דאַכט זיך, ליגנדיק אויף זיין געלעגער, אַז ער הערט אין שלאָף,
ווי מלכה מיט איר זייגערמאַכער שפּרייטן אויס די הענט און פאָכנדיק מיט זיי,
ווי פויגלען מיט די פליגלען, — פליען זיי אַוועק און אויס, אַ סוף!...

דער אַלטער, קלערט זיך עלעק, כראָפּעט אויפן בעט און ווייסט אפילו ניט,

אַז מלכה האַלט די פליגל אויסגעשפּרייט און פליט און פליט און פליט...
ער הייבט זיך אויף פון קישן, קוקט פון פענצטער אין דער נאַכט אַריין:
די שטערן קלימפּערן און ליכטע, ווייסע וואָלקנדלעך זיך שיפן אינעם רוים.
ער טוט אַ זיפץ און גראָבט צוריק דאָס קעפּל אינעם קילן בעטגעוואַנט אַריין,
פאַרמאַכט די אייגעלעך און דרימעלט איין מיט אַ צערודערט, שווער געמיט.
דער זייגער טיקעט אויף דער בלינדער וואַנט. דער חלום קריכט אַרויס
פון אונטערן שוועל און לאָזט זיך גיין צו אים מיט וואַקלענדיקע, שטילע טריט...

נאָר בער, מיט צוגעמאַכטע אויגן, שלאָפט ניט דורך די לאַנגע נעכט.
ער ווייסט אַז מלכה פליט פון אים אַוועק... עס טוט אפילו איר ניט באַנק...
דער קליינער עלעק — האָט אים פיינט. אַ קינד, — פאַרשטייט ער ניט...
און ער, — בלייבט איינאַליין אין הויז. עס איז אים ביטער. שלעכט!

אַז מלכה קריכט אַראָפּ, נאָך האַלבער נאַכט, פון דאַך, געפינט זי אים,
מיט צוגעמאַכטע אויגן און אַן אָנגעצונדענעם ציגאַר אין מויל.
באַ יעדן אויפגלי ווייזלט זיך דעם אַלטנס גרויע באָרד, דער קאָפּ...
איר דאַכט זיך אויס, אַז אין דער פינצטער ברענט אַרויס
פון אונטער גרויען אַש — אַ רויטע, גליענדיקע, לעצטע קויל —
אַרויף, אַראָפּ, אַרויף, אַראָפּ, אַרויף, אַראָפּ...

# דער קראַך

רב לייבישל האָט טאַקע אויסגערעדט זיך אין אַ בייזער שעה, ווייזט אויס.
דער גאַנצער „ריעל־עסטייט־בום" איז צעגויפגעפאלן מיט אַ מוראדיקן קראַך.
ווי נאָך אַ חתונה פון שדים — חורבן און פאַרוויסטונג אין אַ מיטן פעלד.
פון מירמעלשטיינערדיקן שלאָס, פאַרפוצטע זאַלן ; ליכט און קלעזמעריי —
אַן אָפּגעשליסענער, צעפּאָקטער מויער, ווי אַן אויסגעפאַטשטער, אָן אַ דאַך.
אַ גרובן אָנגעפילט מיט גרינעם, עפּושדיקן רעגן־וואַסער, קויט און שלאַם ;
אַ קופּע שטיינער, ציגל, וואַפּנע, שפּענער, ליים, געהילץ, צעמענט ;
אַ קאַלך־פאַרשמירטע טאַטשקע, אַ פאַרראָסטער רידל, קלעפּקעס פון אַן אַלטן פאַס ;
אַ שורה בלינדע פענצטער, האַלב צעפוילטע גזימסן, אָפּגעשיילטע ווענט...
אַן איינגעלייגטער קוימען, אָפּגעברענטע באַנטעס, אַ צעשטערטער פונדאַמענט.
אַ וויסטער בוידעם... אַ געהאַנגענער מיט לאַנגע, באָמבלנדיק הענט...

* * *

באַם פענצטער, מיט אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן, וויגט זיך גאָסי אין איר „ראָקינגטשער".
זי שעמט זיך פאַר דעם ליכט פון ווייסן טאָג, פאַר אירע שכנים אויף דער גאַס.
אַן איינגעשפּאַרטע אין אַ תפיסה זיצט זי, אַ פאַרמשפּטע, פאַרלאָזן און אַליין.
די טונקעלע פּאָרטירן וואַרפן אָן אויף איר אַ מרה־שחורה און דאָס קליקענען
פון גרויסן זייגער פאַלט, ווי אָסיען־רעגן, אויף איר טריב געמיט...
דער וויין־פּאָלירטער פּאָרטעפּיאַן, אין ווינקל, חוזקט, לאַכט אויס איר
מיט זיינע ווייסע, קאַלטע און געדיכטע שטשירענדיקע ציין :
— צוריק אין „יארד" אַריין ! אין „יארד" אריין ! אין „יארד" אריין !

און טשאַרלי לויפט אַרום ווי אַ פאַרסמטע מויז פון אינדערפרי ביז שפּעט.
ער פּרואווט פון שרפה כאָטש אַרויסצוראַטעווען אָט, — וויפיל נאָר ער קען !
פאַרגייט צו זיך אין „יארד" אַריין : אַ שמועס טאָן מיטן שווארצן באָב...
— מען קען דאָס הויז אין „יארד" נאָך איבערפאַרבן. מאַכן פונדערפון אַ לייט...
און „דזשאָנק" איז אַלץ נאָך גוטע סחורה. ס'וועט אם ירצה השם זיין „אָלל־ריִיט" !
דער שווארצער באָב איז אים מכבד מיט אַ הילכיקן געלעכטער פונעם ברייטן מויל,
און מיט אַ פולן קאַלטן „פּיטשער" ביר מיט אַ צעשוימטן ווייסן ווערד.
און טשאַרלי צאָלט אים אָפּ דערפאַר מיט אַ סומאַטראַ פּופּצן סענטיקן ציגאַר.

אין אָוונט קומט ער מיט אַ שווערן טראָט און אַ געלייִמטער צונג אַהיים :
— סע בלאָטע ! — רעדט ער גאָסין אויס דאָס האַרץ — מע דאַרף ניט וויינען, — נאַר !
אַבי נאָר געזונט. דו זעסט אָ־די ידים ?... כ'לאַך זיך אויס פון גלאַדסטאָנס קאָפּ !
נאָר טשאַרלים טרייסט איז ווי אַ צאַפּן צו דער גראָבערס איבערפילטן האַרץ.
זי וויינט זיך רעכט פאַנאַנדער ערשט. אַ ספּאַזם צעטרייסלט איר מאַסיוון גוף...
עס כאַפּט איר אָן ס'דריי יעריקע קדחת און עס לאָזט איר גאָר ניט אָפּ.

אנומעלטן, —
בא וועטשערע האָט טשאַרלי, זיצנדיק באַם טיש, דערהערט אַ ליאַרם אויפֿן גאַס.
ער איז אַרויס אינדרויסן און צוריקגעקומען מיט אַ פּנים פֿון אַ מת:
דער „בוטשער" האָט אויף „ניו־לאָטס־ראָוד" געפֿונען, אין אַ ניט פֿאַרענדיקט הויז,
דעם לאַנגן „טשינקי" הענגענדיק אונטער אַ קראָקווע מיט אַן אויפֿגעכראָסטעט האַרץ.
די לאַנגע הענט און פֿיס, דערציילט ער, באַמבלען זיך משונה אויפֿן שטריק,
דער האַלז דער דינער, — בלוי ווי מילץ. דאָס פּנים ווי אַ לעבער אָנגעשוואָלן, שוואַרץ,
די צונג, — אַרויסגעטעלעפּעטשעט און די קליינע, שוואַרצע אייגעלעך, —
אַרויסגעזעצט פֿון הינטערן שמאָלן שטערן, ווי באַ אַ דערשטיקטן שטשור.
ער איז בטבע ניט קיין פּחדן, פֿראָוווט דער „בוטשער" זיך פֿאַרענטפֿערן,
נאָר דאָס מאָל אָבער האָט ער זיך דערשראָקן ביז צום טויט. אַ היפּש שטיק וועג
האָט אים זיך אויסגעדאַכט, אַז „טשינקי", מיטן שטריק אַרומען האַלז, לויפֿט נאָך...

די גאַס האָט זיך דערוואוסט און מיט צעלאָזטע פּאָלעס זיך אַ יאָג געטאָן אַהין...
די פֿינצטערע אַלמנה, „טשינקיס", מיט די זעקס יתומים אירע ווייסן שוין פֿון בראָך,
איז וואויעט זי אין גאַס מיט אירע זעקס משוררים. עס כאַפּט אַזש אָן אַ גרויל.
— מען האָט אים שוין אַראָפּגענומען? — שעפּטשעט גאָסי און צעכליפּעט זיך.
נאָר טשאַרלי קען ניט ענטפֿערן. די צונג איז צוגעפֿרוירן אים צום דנאָ פֿון מויל.
און די געדאַנקען מישן זיך באַ אים אין קאָפּ, פֿאַרפּלאָנטערט אין אַ שוואַרצן קנויל.
ער קען ניט משיג זיין צו וואָס האָט „טשינקי" דאָס געטאָן? וואָס האָט ער עס געמיינט?
די זון פֿאַרגייט, די פֿענצטער רויטלען זיך און גאָסי וויינט.

# מזל־טוב, בער!

נאָך איידער עס האָט אָנגעהויבן צו שאַריען אויף טאָג,
איז שוין יוכבד, איינגעוויקלט אין איר קעסטלדיקן שאַל,
געשטאַנען הינטער בערס פאַרמאַכטער טיר און איינגעהאַלטן, שטיל געקלאַפּט.
אַ באָרוועסער, מיט אַ צעקנייטשטן פּנים האָט זיך בער פון בעט אַראָפּגעכאַפּט
און טשוכענדיק דעם קאָפּ מיט ביידע הענט געלאָזן זיך צום טיר,
ערשט רעכט באַגריפן אַז בא מלכהן איז דאָס קנס־מאָל היינט באַנאַכט.
אין מויל האָט ער דערפילט אַ פריקרען טעם און אויפגעגעניצט אויף אַ קול.
יוכבד האָט אַ ברום געטאָן „גוט מאָרגן״ און זיך צוגעכאַפּט צום באַלעבאַטישקייט,
גענומען מאַכן לאַד... צום אַלעם ערשטן מלכהן אויפגעוועקט:
זי וועט אַליין ניט פאַרטיק ווערן היינט. אויף עלעקן האָט זי
אַרויפגעוואָרפן ס׳גאַנצע בעטגעוואַנט, אים וואַרעם איינגעדעקט:

אָט, — זאָל ער שלאָפן און ניט דרייען זיך בא איר אונטער די פיס.
דער אויוון האָט אויף אַלע ברענערס זיך צעפלאַקערט שטאָליק־בלוי.
אַ שמעקנדיקע וואַרעמקייט פון פריש געבעקס האָט זיך אין הויז צעפלייצט.
פון טעפּ און פאַנען האָט זיך אויפגעהויבן אַ געשמאַקע פּאַרע צום סופית,
געקיצלט אין דער נאָז, געוועקט דעם אַפּעטיט, געהונגערט און גערייצט...
דער קליינער עלעק, אַ באַגראָבענער אין בעטגעוואַנט, האָט אַזש דערשמעקט:
די אייגלעך אויפגעמאַכט... דערפילט די ווייכע, זאַטע וואַרעמקייט;
דעם זיסן אַראָמאַט פון האָניק־טאָרט, געווירצטע אינגבערלעך און זיך באַלעקט.
אַ ניט געוואַשענער, אַ באָרוועסער, אין אונטערהעמד, האָט ער זיך שטילערהייד,
ווי אַ געשייטער גנב הינטער דער אָסאָבע פון יוכבדן פאַרשטעקט;
געטשאַטעוועט, געהיט... פון צייט צו צייט אַ כאַפּ געטאָן אַ לעקעכל,
אַ אינגבערל. יוכבד האָט געשפּירט און זיך ניט וויסנדיק געמאַכט.
און מלכה קוקט און זעט, ווי עלעק זשעברעוועט און שטיקט זיך שטילערהייד.
אפילו בער באַמערקט, פאַרגעסט זיך אויף אַן אויגנבליק און לאַכט.

אין אָוונט האָט דאָס גאַנצע הויז, ווי אַ לאַמטערן אויפגעשטראַלט.
די פענצטער האָבן אין דער נאַכט אריין אַ שלאָג געטאָן מיט פריילעכקייט.
די טישן האָבן אויפגעשימערט ווייס און פון די העל באַשטראַלטע ווענט
האָט זיך צעטראָגן אַ געשמאַקע, יום טובדיקע וואַרעמקייט.
פאַרוואָס איז אָבער בערן אויפן האַרצן אַזוי כמאַרנע, נעפּלדיק און קאַלט? —
נאָך מלכהן בלייבט דאָס הויז זיינס פּוסט און ליידיק, ווי אַ פּויק.
דאָס אינגל, ווייסט ער, האָט אים פיינט. די בנים זיינע — עט!
די שניר, די טעלעצעס, — זיי זענען אים געווען כסדר פרעמד.
עס וועט ניט זיין אפילו ווער עס זאָל אים אָפּקאָכן אַ לעפל וואַרעמע געקעכץ,
פאַרצירעווען אַ שקאַרפּעטקע, אַ קנעפּל אָנניין, אויסוואַשן אַ העמד.

נישטאָ דער כּוח, וואָס מויד־ווייז, זיפצט ער זיך אין באָרד אריין:
אַמאָל וואָלט ער אַליין געקענט זיין שטעטל ווי ניט איז באַשטיין...
פון אַלץ אַ טייך געוואָרן — — — ווער עס ווינטשט אים שלעכץ! — — —

פון גאָר די סאַמע ערשטע געסט איז טשארלי מיט זיין פּלוניתטע.
אָט, ווי נאָר טשארלי איז די שוועל אריבער איז דאָס הויז געוואָרן פול.
דאָס ברייטע הייזעריק געלעכטער זיינס האָט פונעם האַלז געטאָן אַ פּראַל,
אַזש אַלע פענצטער האָבן אויפגעדרינזשעט און די ווענט און סטעלע האָבן זיך
געטאָן אַ הוידע אויפן פונדאַמענט: עס טריקנט אים אין האַלז, באַקלאָגט ער זיך.
ער חלשט נאָך אַביסל בראנפן. ס׳חיות גייט אים ממש אויס: —
לחיים, בער! לחיים, מזל טוב!!!
די מאַנסבילן האַלטן שטייף די היטלען צו, פארוואָרפן הינטערווייל־כּם די קעפּ:
— לחיים, בער! לחיים, טשארלי! האאאא! סע בריט!... מחיה, היים!...
אויף טשארלין הענגט דער קאַמעזויל צעשפּיליעט שוין אויף אַלע קנעפּ.
דער קאַלנער פונעם העמד איז אויסצעדרייען און פון פּנים זעצט אַ שוויים.
יוכבד טראָגט די מאַנסבילן אונטער צום פארבייסן. טשארלי לאַכט:
— וואָס מיינסטו, כ׳בין געקומען אויף אַ קריאת־שמע ליינעכץ היינט באַנאַכט?!
דערלאַנג אַ מאַטשעס הערינג, זויערע אוגערקעס, אַ שטיקל פיש, אַ פערטל עוף!

באַ גאָסין ברענט דאָס פּנים אַזש פון חרפּה: — אַ געשמדטע האַלז!...
האָט נעבעך ניט געהאַט אין מויל... ער שטייט ערשט אויף פון שלאָף! — — — —
נאָר טשארלי הערט זיין פּלוניתטע, ווי דעם פאַריאָרעדיקן שניי.
סע זיינע זיבן יאָר... איז, — גיסט ער, גיסט ווי אויף אַ הייסן שטיין.
באַ בערן האָט זיך אויך דאָס פּנים אויסגעלייטערט... זיך צעגליט.
די אויגן האָבן אָנגעהויבן שווימען ווי אין פּוטער, — גלאַנצעדיק און פייכט...
די מרה־שחורה אויפן האַרצן האָט זיך אָפּגעזעצט. עס ווערט אים וואַרעם, לייכט.
ער פילט, ווי אין די שלייפן פּיקן וואָראָבייטשיקעס: פּיק־פּיק, פּיק־פּיק...
עס רוישט אין קאָפּ, עס זשומעט אין די אויערן. עס זינגט דאָס בלוט.
ער קוקט אויף טשארלין און עס דאַכט זיך אים: פון טשארלין איז געוואָרן צוויי.
געוואָרן — דריי, געוואָרן — פיר! ער לאַכט, דער מאָפּס! ער לאַכט!
אין אַלע לאַפּעס האַלט ער גלעזער בראנפן, פולע מיט אַ ווערך!
ארום די ראַנדן שווימען גרינע יאַשטשערקעס מיט שוועבלדיקע צינגעלעך...
זיי שווינדלען... פלעמלען, מינען זיך אין שימערנדיקע פארבן אַלערליי...
און דאָרטן, שטייט זיין מלכּהס זיווג... אַ נישקשהדיקער יאַט!
דאָס רונדע, גלאַט־ראַזירטע פּנים בליאַסקעט ווי אַ נייער ציפער־בלאַט...
די בלאָנדע, שפּיצעכדיקע וואָנצעלעך — — — כּי־כּי — — — געגילטע ווייזער צוויי,
ג ע ג י ל ט ע  ו ו י י ז ע ר  צ ו ו י י...
כּי־כּי.

יוכבד, שוועבט, גייט אויף... זי יערט ווי א צעשפּילטע ראַשטשענע.
אלקנה, נחמן, ס׳רויטע שוחטל, בן ציון מיט זיינע בנימלעך —
פאַרהילט אין א טומאַן... צענויפגעפּלאָנטערט אין א קנויל...
און טשאַרלי? — לאַכט! דאָס גאַנצע פּנים טשאַרלים — לויטער מויל!
מויל!

— לחיים, בער!
א האַנט. א בליאַסקנדיקער טעלער אינדערהייך. א זעץ אָן דיל. א קנאַק! — — — —
זאָל זיין מיט מזל! מזל טוב דיר, בער!
די גאַז־צעפּלאַמטע פּייערן זיך הוידן איבער אים... א רגע שטיל.
די ווייסע שערבעלעך פון טעלער בליאַסקען, בלינצלען אויפן דיל...
צוויי ווייכע אָרעמס הענגען שטייף ארום זיין היים־פאַרשוויצטן האַלז — —
ער וואָלט געשוואוירן — — מ ל כ ה — — מ ל כ ה — — מ ל כ ה ל ע!

# גרוסן פון דער היים

דאָס יונגוואַרג וואַקסט דאָ, טענהט בער, ווי קראָפּעווע אַרום אַ נאַסן שטיין.
מע קען זיי קוים נאַסטאַרטשן קליידער, קיין עין הרע ניט!
מע טוט אויס פאַרן שלאָף, באַנאַכט, די שיך און מאָרגן אינדערפרי, —
מע קען זיי שוין ניט אָנטאָן מער: אָט, — איבער נאַכט געוואָרן קליין!
כאַטש גיי און קויף אַ גאַנצן סקלאַד מיט קליידער, אונטערוועש און שיך,
און שטיי כסדר, — טו זיי אָן און טו זיי אויס. און „האַרי־אַפּ", גיך־גיך!
אַ ווילדע לאַנד! דו נעמסט אַ קערל פון אַ קירבעס: טוסט אַזוי אַ וואָרף, —
געפינסטו מאָרגן אינדערפרי, פונפאַרנט פאַר דיין טיר אַ פּאַרטיקן באַשטאַן!
אַ סברה סע פאַראַנען ערגעץ דאָ אין לאַנד אַזאַ מין שרעקלעך גרויסער דעמב
אין וועלכן ס'וואָלט געקענט באַהאַלטן זיך זיין מיל, דער סטאַוו, דאָס גאַנצע דאָרף!
אַ מ ע ר י ק ע!

* * *

באַם טויבן דרייען זיך אַרום אין שטוב אַ טרויקע גאַלעגאַנסקע בחורים
מיט קוטשעראַווע קעפּ, מיט ברייטע פּלייצעס און געשיקטע טריט.
און מינדל, ווי אַ הון, אַ קוואָקע, וואָס האָט אויסגעפּירט
אַ טשאַטע קאַטשקעס, טאָפּטשעט זיך פאַרלוירן עפּעס אינדערמיט...

באַ בערן, — האָט זיך עלעק, מיטאַמאָל, אַ הייב געגעבן אויף די פיס:
אַ גאַלעגאַנסקער האָן, אַן אמתער בוטשאַן, קוועלט בער.
אינגאַנצן ווי די מאַמע זיינע... קיין עין הרע אַ פאַרשוין!
די איינזאַמקייט האָט בערן אָפּגעלאָשן, ווייך געמאַכט...
די יאָרן — איינגעבויגן אים, ווי רייפע פּירות אַ באַיאָרטן בוים.

און נחמן, — גייט נאָך אַלץ באַם שווערן וואָגן פון דער צייט:
עס קען אַזוי ניט בלייבן!... היינט צי מאָרגן... שוין ניט וויט...
די בלעטער שרייבן אַז עס איז ניט פריילעך, דאָרט, אויף יענער זייט...
עס הערן זיך פּאָגראָמען אין אוקריינע, ס'גיסט זיך אידיש בלוט.
נאָר נחמן דרינגט, — אַז שולדיק איז אין דעם די ווילדע טיראַניי.
דאָס פויערל איז נעבעך אָרים ווי דער טויט, דערשלאָגן און פאַרגרעבט.
איז שיכורט ער זיך נעבעך אָן, — ער ווייסט דען וואָס ער טוט?
געניאָסע סאָלאָמאָן אַליין האָט אים דערקלערט, אַז אידיש בלוט, —
איז סמאָלע אויף דער אַקס פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן!
אלקנה, בער, — זיי קענען דאָס ניט משיג זיין: היתכן, סטייטש, ווי הייסט?!
וואָס האָט דעם פויערס הונגער גראָד מיט אידיש בלוט און בעטגעוואַנט צוטאָן?!
— אַז אַלצדינג ווייסט עס דיר — ברומט בער — באַלבעטשעט. ס'האָט אַ טעם?!
נאָר נחמן ווערט לחלוטין ניט נתפּעל. טוט אַ בייזן שפּיי — בהמה! חם!!
וואָרעם נחמן פילט ווי אונטער זיינע פיס שלאָגט עפּעס אין דער נייער ערד...

הונדערט דרייסיק

דאָס לאַנד, דאָס פרעמדע, שרייט אריין צו אים אין בלוט אריין. און יענער ברעג? —
פונווייטנס מאָנט... און צווישן — ווי אַ חלף שניידט זיך איין דער בלויער ים.
דער ברייטער, רווישנדיקער ים.

# אַ פינצטערע בשורה

יוכבד האָט פון רויטן שימציען אָפּגענומען ערשט אַ בריוו.
אַזויפיל יאָרן ניט געהערט פון אים! גערמיינט ער איז שוין, גאָט באַהיט — — —
עס ציטערן איר די הענט. דאָס האַרץ אירס זאָגט איר אַז עס איז ניט גלאַט...
זי עפנט אים פונדעסטוועגן און לייענט: זיי וויסן האַרציק שוועסטער־קינד,
אַז איך בין, גאָט צעדאַנק, געזונט. אַזוי האָב איך די גאַנצע צייט
אַרומגעשלייעט זיך... געבידעוועט. קיין גוטן טאָג נאָך ניט געהאַט.
נאָר, — וואָלט כאָטש רואיק זיין אין לאַנד — וואָלט שוין ניט אויסגעמאַכט.
איז אָבער חשך דאָ. מ'האָט מורא ווייזן זיך אין גאַס, ווער רעדט באַנאַכט! — —
און איצט, זאָל גאָט די הערצער שטאַרקן אייך. אַ שלעכטע בשורה קום איך מעלדן דיר:
אין טעפּלעק האָט בשעת יאַריד־טאָג אויסגעבראָכן אַ געפּערלעכער פּאָגראָם.
דעם פעטער שעפּסלען האָבן כוליגאַנעס אויפן אָרט אוועקגעלייגט...
געפּאַלן מיטן תהילימל אין האַנט. דאָס הויז, די בעבעכעס — פאַרברענט!
פון מומע דבורהס קראָם געמאַכט אַ באַרג מיט אַש. קיין פּאָדעם ניט געלאָזט...
פון שטעטל איז געבליבן — הורבעס אַש און קופּעס מיסט און ליים.
און וואָס דער סוף וועט זיין? — דאָס ווייסט נאָר גאָט אַליין!
בכן, בעט נחמנען אַז ער זאָל זאָגן קדיש נאָכן טאַטן און למען השם
די מאַמען ניט פאַרגעסן, מחמת זי איז, נעבעך, איצט געבליבן עלנט ווי אַ שטיין.
איך בעט דיר, טייערע יוכבדל, פאַרגעס זיך ניט אָן מיר, דיין אייגן בלוט
און שיק אַ שיפסקאַרט, לייז מיך אויס פון פינצטערן גיהנום... ס'ברענט!
פאַרגעסט די חרפּות־בושות וואָס איך האָב אייך אַלע אָנגעטאָן...
וואָס ווייסט אַ מענטש אַ זינדיקער, אַז גאָט אפילו ווייסט ניט וואָס ער טוט!...
גריס אַלעמען. פון טיפן האַרצן ווינטש איך אייך, אַז איר זאָלט, גאָט באַהיט,
ניט דאַרפן וויסן וואָס עס הייסט צו זיין אין מורא פאַרן ווײסטן טויט; —
צו ליגן אין אַ קעלער אָן אַ טראָפּן וואַסער, אָן אַביסל ליכט... אָן ברויט...
פאַרציטערט ווערן פונעם מינדסטן שאָרך, די שוואַכסטע טריט!...

מ מ נ י ש י מ צ י ע.

אַ טויטע שטילקייט האָט דעם מרה־שחורהדיקן חלל אָנגעפילט.
דער זייגער, אַ נערוועזער, טיקעט, כריפּעט אָפּגעהאַקט און גיך.
מיט אַ פאַרקילטער האַנט האָט נחמן מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן דעם לאָץ
און מיט געליימטע פינגער אָנגעהויבן אויסצעטאָן די שיך...

## דער רויטער קארניוואל

ביז וואנען די משפּחה האָט זיך אויסגעקליבן ברענגען שימציען קיין אַמעריקע, —
איז שוין געווען צו שפּעט. אויף יענעם זייט האָט שוין געברענט אַ האַלבע וועלט.
אַ רויך־און־פונקען וויכער האָט אינמיטן העלן טאָג דאָס ווייסע ליכט פאַרשטעלט...
אין חשך האָט אַ רויטע לאַפּע ברייט אַ פּאַך געטאָן מיט אַ צעגליטער שווערד,
און אונטער אַ געדיכטן רעגן שרויט האָט זיך געוויקט די וויסטע ערד.
פון הינטער ברוינע כמאַרעס האָבן זיך באַוויזן גאַלאָפּירנדיקע רייטער פיר,
אין פּורפּור מאַנטלען איינגעהילט, אויף ווייסע שוים־באַדעקטע פערד...

האַרמאַטן, ווי אַ טיטשקע זכרים־הינט אַרום אַ בלודנער גאַסן־צויג,
צעהאַווקעט האָבן זיך אַרום דער וויסטער ערד... געניוכעט אין דער לופט,
געוואויעט אין דער פינצטערניש... דער הימעל האָט זיך אָנגעצונדן ווי אַ סטויג.
דער ווינט, מיט ברענענדיקע פליגלען, פּעבערט איבערן ים.
אין בלינדן חשך טוטשעט, סווישטשנדיק, דער שרויט,
און איבער באַרג און טאָל — אַ קאַלטער פלאַטערט אום דער טויט!

און דאָ, באַם טויער פון די „פרייע און בראַווע" — ליגט קאָלאָמביא
אַן אויסגעשטרעקטע ווי אַ זאַטע קאַץ און בלינצלט מיט די אויגן קעגן פלאַם;
באַלעקט זיך מיט אַ זשעדנעקייט. זי זשמורעט מיד, זי דרימלט, רוט...
און חלומט פון אַ טיגער פעל, פון נעגל שטאַלענע, פון וואַרעם בלוט...

די שטאָט — אַ שיינק, די גאַסן — פרייִלעכע שיכורים אין אַ ווילדן קאַרניוואַל.
די טויזנט־אויגיקע פאַבריקן — אונטער שוואַרצע פאָנען רויך, אין יובל־שאַל,
צעטראָגן דאָס געזאַנג פון „ברודער־ליבע", „פרייהייט", „יושר", לאַנד און ברויט...
און איבער באַרג און טאָל — מאַרשירט דער וויסטער טויט!

* * *

יוכבד שלאָפט ניט דורך די נעכט. עס ציטערט איר דאָס האַרץ פון שרעק:
אָט, — קלאַפּט מען, דאַכט זיך איר, אין טיר... אָט קומען רוצחים און מע נעמט
באַ איר דאָס העלע ליכט, דאָס ווייסלעכל פון אויג אַוועק...
אלקנה טרייסט איר קלאָמפּערשטן: דו מאַכסט זיך נאַריש, אידענע! געזען?!
ער דאַרף אים האָבן, אָנקל סעם: באשר, — אָן דיין ציטערדיק בן־יחידל
וועט ער פאַרלירן, חס־ושלום, נאָך די שלאַכט... אוודאי, נו, — וואָ־דען!
נאָר טיף אין האַרצן פילט ער אָבער אַז יוכבדס שרעק איז ניט אומזיסט:
אָט האָט מען דאָך באַ טשאַרלין טאַקע צוגענומען זיינע עלטערע דריי זין.
און טאַקע שוין אַוועקגעשיקט, ווי קעלבער צו דער שחיטה און אַ סוף!
גיי אַמפּער זיך מיט זיי, שריי חי־וקים, אַז מע ווייסט אפילו ניט וואוהין?!

און טשאַרלי, — איינגעהויקערט, פינצטער ווי די אָסיען נאַכט,

קריכט אום בא זיך אין „יארד" און הערט די האמערס שלאָגן הילכעדיק;
די ברעכמאַשינען דרעשן אָן אן אויפהער, כראָמשקען, כראָמשקען נאָכאַנאַנד...
זיין „יארד" האָט זיך צעוואָקסן, אויסגעשפרייט. פאַרנעמט אַ היפשן שטח לאַנד.
און העכער און געדיכטער וואַקסן ארום אים די ברוינע בערג מיט „דזשאַנק",
די הורבעס מיט פאַרזשאַווערטן טשוגון, פאַרראָסטע שטאָל און אייזן־ברוך.
אָפּט דאַכט זיך אים, דאָס זענען הויפנס שאַרבנס, קנאָכן, ביינער מענטשלעכע...
דערביי דערלאַנגט דאָס האַרץ אַ ציטער און עס לויפט אים דורך אַ סקרוך.

און בער, — ליגט גאַנצע נעכט די אויגן צו און פּיפּקעט אין דער פינצטערניש.
ער הערט זיך איין ווי עלעק אָטעמט זיכער, רואיק אין באַטעמטן שלאָף,
און עפּעס ווײַנט אין אים: — גענוג געשטראָפט שוין, גאָט! גענוג. אַ סוף!
פאַרטאָג, אַז עלעק הייבט זיך אויף פון ווארעמען געלעגער, מאַכט זיך בער
ווי ער איז מיטן גאַנצן לייב און לעבן ערשט אריינגעטאָן אין שלאָף...
נאָר כראָפּנדיק אזוי־אָ, — שפּאַלט ער אויף די אויגנדעקלעך און ער קוקט זיך איין:
ער טשאַטעוועט, כאַפּט אויף דעם איינגלס מינדסטן קער און ריר...
דער עיקר, — היט ער מיטן גאַנצן וועזן די פאַרמאַכטע דרויסן־טיר...
וואָרעם, — אָט, האָט ערשט פערדאַנסקיס בחורל דעם טאַטן זיינעם אָפּגעשפּילט אן אַקט:
אוועק און זיך אליין אריינגעשריבן אין דער „נייוווי". קיינעם ניט געפרעגט.
דאָס הייסט — צעשריבן זיך מיט אָנקל סעם, געמאַכט אַ מין קאָנטראַקט...
פערדאַנסקי האָט געפּרוּווט זיך בריהן. שמירן... נאָר ס'האָט ניט געהאָלפן שוין.
פאַרפאַלן! אָט, — גענומען פון אַ געזונטן דעמב אַ יונגן צווייג און — אָפּגעהאַקט!

ווי בערן האָט דאָס האַרץ געזאָגט: גאַנץ פּלוצלים, אין אַ שיינעם טאָג,
האָט עלעק, קומענדיק פון גאַס, אַ זאָג געטאָן: איך האָב זיך איינגעשריבן, פּאַפּ!
איך פאָר קיין פראַנקרייך אויפן פראָנט. מיך רופט מיין אייגן פאָטערלאַנד.
באַ בערן האָט אַ קנאַק געטאָן דער מח. די ליפּן זענען אים געוואָרן ווייס
און עפּעס ווי פון זיך אליין האָט זיך באַ אים אַ הויב געטאָן די האַנט...
ער האָט זיך אָבער באַלד פאַרכאַפּט און ווי נעלייִמט זי מאַכטלאָז נאָכגעלאָזט.
אַ גאַנצע נאַכט איז ער ארומגעלאָפן ווי אַ וואָלף, פאַרשלאָסן אין אַ שטייג.
אַ גאַנצע נאַכט האָט ער אָן אָפּרו אַלץ געשפּאַנט, געשפּאַנט, געשפּאַנט;
זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט באַ עלעקס בעט, זיך צוגעהערט, זיך איינגעקוקט...
באַטראַכט דאָס שלאָפנדיקע פּנים, די געקרויזטע שווארצע האָר און זיך דערמאָנט...

און עלעק, מיט פאַרמאַכטע אויגן, איז געלעגן, נאָר — געשלאָפן איז ער ניט.
זיין אויער האָט געהערט, געציילט... און מיטן גאַנצן גוף
אריינגענומען, איינגעזאַפּט אין זיך דעם אַלטנס ווילדע שרעק;
דעם גאַנצן אומרו, וואָס האָט ווי ארויסגעווײַנט פון זיינע שווערע טריט...
* * *
און אַז דער ווילדער טאָג האָט אָנגעקלאַפּט אין בערס פאַרמאַכטער טיר, —

האָט בער זי אויפגעעפנט און צו עלעקן געזאָגט: דערמאַן זיך כאָטש אָן מיר!...
פאַרגעס ניט... שרייב אַמאָל... און אַז דו זאָלסט מיך דאָ ניט טרעפן מער — —
עס לעבט אַ מענטש ניט אייביק — — — ס'טרעפט דאָך סוף כל סוף אַמאָל — — — —
איז, — אלצדינגס דיינס!... דערביי האָט ער דאָס מויל צעעפנט ווי אַ פיש
וואָס ווערט ארויסגעשליידערט פון די כוואַליעס אין אַ שטורמווינט
צום שטיינערדיקן ברעג און זיך צעיאָמערט — אָן אַ קול...

### אַנדערע ווערק פון זעלבן אויטאר: